„אזע“-פארבאנד.

•

ד״ר מארק דווארזשעצקי

# קאמף פארן געזונט אין געטא-ווילנע

פאריז — 1946 — זשענעוו

דעם זכרון פון מיין פרוי

**מרים דווארזשעצקא־קויפמאן**

אַ קראַנקן־שוועסטער אין געטאָ־ווילנע
אומגעקומען
אין קאָנצענטראַציע־לאַגער קלאָאָגאַ, (עסטלאַנד)



א ווינקל אין ווילנער געטא

# אינהאלט

# אריינפיר-וואָרט

מענטשן, וואס האבן דאס ניט ביוגעוווינט, קאנען זיך גאר ניט פאר-שטעלן וואס עס איז אזוינס דאס לעבן אין א שטאט, א באלאגערטער פון א שונא, וואס איז גרייט להרוג ולהשמיד.

ירמיהו הנביא אין זיין קלאג-ליד איבערן חורבן, דערמאנט מיט יאמער, ווי אין באלאגערטן ירושלים האבן יידישע מאמעס געקאכט און געגעסן דאס פלייש פון זייערע קינדער.

אזוי איז געווען דאס לעבן אין דער קאמף פארן לעבן אין די געטאס באלאגערטע פון די דייטשן, אין די נאצישע מארד-לאגערן.

מיר, וואס זיינען „ניט געווען אין טרעבלינקע", ווייסן ווייניק וועגן דעם. בלויז שוואכע אפקלאנגען זיינען צו אונז דערגאנגען. צווישן אונז און יענעם טראגיש-פאנטאסטישן לעבן שטייט דער טויט פון די באלאגערטע, דער מאסן-מארד פון די געפאנגענע.

און אט קומט צו אונז איינער פון דארטן, פון יענער וועלט, איינער פון די ניט מיד געווארענע קעמפער פארן לעבן, אין יענעם תהום פון טויט, א קעמפער ניט פאר זיינע אייגענע הויט און ביינער, נאר פאר די הונדערטער און טויזנטער יידישע לעבנס אינם באלאגערטן געטא פון ירושלים דליטא, אין די עסטאנישע און דייטשע קאנצענטראציע-לאגערן: דר' דווארזשעצקי, און ער דערציילט אונז, ווי מען האט דארטן געלעבט און פארן לעבן געקעמפט.

פשוט, טרוקן, פראזאיש זיינען זיינע ווערטער. וואס קאן זיין פרא-זאישער ווי קארטאפל, ענגשאפט, מיסט, קלאזעטן, לייז, עפידעמיעס א.ד.גל.? וואס קאן אבער זיין רירנדיקער ווי דער נצחון איבער אט די אלע אומצאליקע מכות, ווי דאס אויפבליען פון א פילפארביק גייסטיק לעבן אין די געטא-באדינגונגען, באלאגערט דורך די דייטשן!

איך האב ביז איצט ניט געהאט דעם נחת-רוח פערזענלעך צו קענען דר' דווארזשעצקין. איך ווייס אבער, אז ער איז די גאנצע צייט געשטאנען אין די ערשטע רייען פון די קעמפער פארן לעבן פון יידישע מענטשן אין דער דייטשער געפאנגענשאפט, און אז בלויז אן אויסערסט זעלטענער גליקלעכער גורל האט אים צו אונז געבראכט א לעבעדיקן. מיר האבן אט אזוי כמעט אויך דר' דווארזשעצקי ניט פארלוירן. מיר האבן אט אזוי אויך אן עדות, ווי דער געטא האט טאג-טעגלעך געקעמפט, געשאפן, געבויט, גע-שטרעבט און געהאפט.

בילדער:

א ווינקל אין ווילנער געטא

געטא נומער 2

געטא-ווילנע — דיאגראם

מעדיציניש-סאניט. אנשטאלטן — דיאגראם

דר' יעקב ווינאדסקי; דר' צמח שאבאד

אזוי ווי פאר זיינע חברים, וואס זיינען אומגעקומען אין קאמף, פארבויגן מיר זיך אויך מיט יראת-הכבוד פארן „צוריקגעקומענעם" דר' דווארזשעצקי, און מיר זאגן אים אונזער האַרציקן יישר-כוח פאר זיין באריכט וועגן ווילנער געטא; דאס, וואס ער דערציילט, גיט אונז צו בטחון, אז אפילו נאכן חורבן וועט אונזער פאלק ניט אונטערגיין. אט די גייסטיקע כוחות, וואס אונזער פאלק האט ארויסגעוויזן אין געטא, געבן אונז דאס רעכט צו גלויבן, אז זיינע קליינע רעשטן וועלן ווייטער לעבן און צוריק אויפבויען אונזער חרוב-געווארענעם נאציאנאלן בנין.

פראפעסאר: ל. הערש.

זשענעווע, פעברואר *1946*.

# פארוואָרט פון מחבר

דאָס געבן אין געטאָ־ווילנע (ווי אין אַלע געטאָס) איז געווען אַן אומאויפ־הערלעכער געראַנגל פאַר עקזיסטענץ; אַ קייט פון אינדיווידועלע און קאָלעקטי־ווע ווידערשטאַנדס־אַקטן קעגן נאַצישן טעראָר־רעזשים, און קעגן זיין כוונה צו פאַרטיליקן די יידן פיזיש און צעב־עבן זיי מאָראַליש.

אין ווילנע, ירושלים דליטא, וואָס איז געווען במשך פון לאַנגע דורות אַ צענטער פון יידישן קולטור־לעבן און פון פּאָליטיש געזעלשאַפטלעכן קאַמף פאַר יידישע רעכט, האָבן די דאָזיקע ווידערשטאַנדס־אַקטן אָנגענומען בולט־קאָלעקטי־ווע פאָרמען.

דורך שאַפן אַ נעץ פון אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס, האָבן די יידן גע־שטעלט דעם נאַצי־רעזשים אַן אַנטשיידענעם פּאָליטישן ווידערשטאַנד.

אין מוסטערהאַפטן אָרגאַניזירטן קאַמף קעגן הונגער האָט זיך אויסגעדריקט דער עקאָנאָמישער ווידערשטאַנד.

אין שאַפן אַ נעץ פון שולן, קולטור־אינסטיטוציעס, טעאַטער, פאָרטראַגן, איז פאַרקערפּערט געוואָרן דער קולטור־ווידערשטאַנד.

דורך שאַפן פאָרמען פון אינעווייניקסטער דיסציפּלין, פון קאָלעקטיווער זאָרג פאַרן שוואַכערן און אומפאַרמעגלעכן, דורך וועקן דעם מוט און דאָס געפיל פון סאָלידאַרישקייט, דורך וואַרכזאַמער אויפזיכט אויפן קינד בכלל, אויפן פאַרוואָר־לאָזטן קינד בפרט, איז געשטעלט געוואָרן דעם נאַצי־רעזשים אַ ווירקנדיקער מאָ־ראַלישער ווידערשטאַנד. און ענדלעך דורך דער פּאַרטיזאַנען־באַוועגונג — דער מוטיקער באַוואָפנטער ווידערשטאַנד.

אין דער פאָרליגנדיקער קורצער ב־אָשור, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ קאַפּיטל פונם בוך „ירושלים דליטא אין קאַמף און אומקום" איז מיין כוונה גע־ווען צו שילדערן דעם מעדיציניש־סאַניטאַרישן ווידערשטאַנד פון געטאָ.

איך וויל שילדערן און פאַרצייכענען די סאַניטאַרע לעבנס־באַדינגונגען אין געטאָ, די ספּעציפישע קראַנקייטן, וואָס זיינען דאָרט אויפגעקומען און ווי אַזוי דער געטאָ־קאָלעקטיוו האָט זיך מיט פאַרביסענער עקשנות געראַנגלט פאַר זיין געזונט; איך וויל אויפציילן די סאַניטאַרע אַנשטאַלטן, וואָס די יידישע מעדיצי־נער האָבן מיט גרענעצלאָזער איבערגעגעבנקייט אויפגעשטעלט אין געטאָ און בכלל שאַפן מעגלעכסט אַ בילד פון אַלץ דעם, וואָס עס איז אָפּגעטאָן געוואָרן אין געטאָ־ווילנע אין משך פון 1941-1943 אויפן סאַניטאַר־היגיענישן געביט טראָץ דעם אומבאַשרייבלעכן נאַצי־טעראָר.

די פאָרליגנדיקע אַרבעט איז אַ צושטייער צו דער געשיכטע פון דער יידישער מעדיצין אין געטאָ ווילנע, און אַ פּרוב צו דאָקומענטירן איר אָר־גאַניזירטן קאַמף פאַרן אויפהאַלטן דאָס געזונט פון דעם יידן אין געטאָ.

---

צוגעגרייט צום דרוק דורך ב. טשובינסקי

I.

# ווי אזוי איז אנטשטאנען געטא־ווילנע*)

דעם 24־טן יוני 1941 האָבן די דייטשן אריינגעמארשירט קיין ווילנע. פון דעם טאָג הייבט זיך אָן די טראַגישע עפּאָכע פאַרן ווילנער יידנטום : דאָס אונטערגיין פון גרויסן און וויכטיקן יידישן קולטור־ און געזעלשאַפטלעכן צענטער — י ר ו ש ל י ם ד ל י ט א.

מיטן אריינמארש פון די דייטשן האָבן זיך אָנגעהויבן צו שיטן אויף דער יידישער באַפעלקערונג איינע נאָך דער אַנדערער די אונטערדריקנדיקע „מינכענער" פאַראָרדנונגען פון טראָגן געלע לאַטעס, ניט טאָרן גיין אויף די טראָטוארן, קאָנ־טריבוציעס, קאָנפיסקאַציעס פון פאַרמעגן און קאָסטבאַרקייטן ; עס האָבן זיך אָנגעהויבן „פאַרשווינדענישן" פון פערזאָנען און אַזוי גערופענע „אַקציעס", ווען הונדערטער מענטשן פלעגן ארויסגעפירט ווערן צו פאַרניכטונג אויפן ט ו י ט ־ פ ע ל ד פּ אָ נ א ר (זיבן קילאָמעטער הינטער ווילנע).

דעם 1־טן סעפּטעמבער 1941 זיינען פּלוצלינג ארומגערינגלט און אָפּגעשלאָסן געוואָרן דורך דער געשטאַפּאָ און מיליטער אַ גאַנצע ריי גאַסן פון יידישן קוואַר־טאַל אין ווילנע (ארום דער אַ. ג. „דייטשער גאַס"). טויזנטער און טויזנטער יידן, מענער, פרויען און קינדער, זיינען אַרויסגעפירט געוואָרן קיין פּאָנאַר. אויף מאָרגן איז דערשינען אַ מעלדונג פון דער דייטשער מאַכט, אַז צוליב דעם, וואָס אַ דייטשער זעלנער איז דערמאָרדעט געוואָרן דורך יידן, האָט די דייטשע מאַכט דורכגעפירט אויף זיי אַ „שטראָף־אַקציע" . . .

דעם 6־טן סעפּטעמבער פאַרטאָג האָבן טויזנטער דייטשע און ליטווישע זעלנער ,אונטער דער אָנפירונג פון דער געשטאַפּאָ, אָנגעהויבן טרייבן די יידן פון גאַנץ ווילנע אין דער ריכטונג פון די גאַסן רודניצקא און סטראשונא ,וו עס איז פאָרמירט געוואָרן דער ו ו י ל נ ע ר ג ע ט אָ נומער 1, ווי אויך אין דער ריכטונג פון גאָון־גאַס, וו עס איז אנטשטאַנען ג ע ט אָ נומער 2. באַלד זיינען די געסלעך ממש אָנגעפּראַפּט געוואָרן מיט מענטשן. אַלע איבעריקע, וואָס פאַר זיי איז קיין אָרט נישט געווען אין די סדום־ענגע גרענעצן פון דעם געטאָ נומער 1 און נומער 2, האָט מען אָפּגעשיקט אין דער תפיסה ל ו ק י ש ק י, און פון דאָרט קיין פּ אָ נ א ר.

*) פּרטים וועגן דער געשיכטע פון ווילנער געטאָ, לעבנס־באַדינגונגען, עקאָנאָמיק, קולטור־אַרבעט, ווידערשטאַנדס־באַוועגונג א. אַ. וו. — זע דאָס בוך פון זעלבן מחבר א. נ. „ירושלים דליטא אין קאַמף און אומקום".

ווילנער יידנטום האָט געציילט פאַרן אויסברוך פון דייטש־סאָוויעטישן קריג אַן ערך זעכציק-זיבעציק טויזנט נפשות. פון זיי זיינען עטלעכע טויזנט מאַן אוועק קיין סאָוויעט־רוסלאַנד. אין ווילנער געטאָ זיינען אַריין נאָר עטלעכע און דרייסיק טויזנט מאַן. אַלע איבעריקע זיינען פאַרניכטעט געוואָרן אין די ערשטע חדשים פון דער דייטשער אָקופּאַציע.

געטאָ נומער 2 האָט עקזיסטירט נאָר איייניקע וואָכן און איז אויך ליקווידירט געוואָרן, ד. ה. זיינע איינוווינער זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן צום פאַרניכטונגס־פעלד פּאָנאַר, לרוב אין טאָג פון יום־כּפּור 1941. געבליבן איז נאָר געטאָ נומער 1.

קיין גענויע סטאַטיסטיק פון די איינוווינער פון געטאָ נומער 1 איז ניט געווען מעגלעך צו האָבן: דורך אָפטע „אַקציעס" פלעגט די צאָל מענטשן פאַר־קלענערט ווערן מיט אַמאָל אויף עטלעכע טויזנט. מיטן אַריינשיקן אין געטאָ יידן פון פאַרשיידענע פּראָווינץ-שטעטלעך פלעגט די צאָל פאַרגרעסערט ווערן. אַ גאַנצע ריי יידן, וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין „אַרבעטס־שיינען", האָבן אין די רשימות גאָרניט פיגורירט. די צאָל אַרויסגעגעבענע געטאָ־פּאַספּאָרטן און געטאָ־„בלעכענע נומערן", וואָס יעדער ייד אין געטאָ האָט געמוזט טראָגן אויף דער ברוסט, האָט איבערגעשטיגן עטלעכע און צוואַנציק טויזנט.

II.

# סאניטאר-היגיענישע לעבנס-באדינגונגען אין געטא.

## א) גאַסן.

דער געטאָ האָט זיך געפונען אין די סאַמע קלענסטע געסלעך פון ווילנע, דאָרט, וווּ עס איז געווען אַ געטאָ מיט הונדערטער יאָרן צוריק.

געטאָ נומער 1 האָט אַרומגענומען אַ טייל רודניצקא גאַס, שפּיטאָל גאַס, סטראַשון גאַס, שאַוועלסקא גאַס, אַ פּאָר הויפן פון זאַוואַלנער גאַס, אַ שטיקל יאַטקעווער און דיסנער גאַסן.

אין דער צווייטער תקופה פון געטאָ האָט די דייטשע מאַכט פאַרגרעסערט דעם געטאָ מיט אַ פּאָר הויפן דזיסנער, אשמענער, יאַטקעווער און דייטשער גאַס. די צוגעגעבענע הויפן האָט מען אָנגערופן מיטן נאָמען „דער נייער געטאָ“. אויפן דאָזיקן שטח האָבן געוווינט אין אָנהייב קרוב צו דרייסיק טויזנט מאַן, און שפּעטער — נאָך די אַקציעס — עטלעכע און צוואַנציק טויזנט מאַן.

געטאָ נומער 2, וואָס האָט עקזיסטירט נאָר איניקע וואָכן, האָט אַרומגענומען: די יידישע גאַס, די גאון גאַס און נאָך אַ פּאָר קלייניקע געסעלעך אַרום שול-הויף, מיט אַ באַפעלקערונג פון אַן ערך זעקס טויזנט מאַן.

## ב) וווינונגס-שטח.

אין אַ קליין צימערל, וווּ פאַרן קריג האָבן געוווינט פון 1 ביז 3 פּערזאָן, האָבן אין געטאָ געוווינט פון פופצן ביז צוואַנציק פּערזאָן. זייער זעלטן פלעגט אויספאַלן אויף אַ מענטשן 1 קוואַדראַט-מעטער-שטח — 0,7—0,8 קוואַדר.-מעטער אויף אַ פּערזאָן; אין איין צימערל האָבן אַלזאָ געוווינט פון פינף ביז אַכט משפּחות: פרויען, מענער, אַלטע און קינדער, קראַנקע און געזונטע צוזאַמען.

נאָך די גרויסע אַקציעס איז גערוימער געוואָרן אין געטאָ און ס'האָט אויסגעמאַכט קרוב צו צוויי קוואַדראַט-מעטער אויף איין פּערזאָן.

ב ע ט ן זיינען אין געטאָ געווען נאָר אין אַ קליינער צאָל: איבערגעבליבענע נאָך פון די אַרויסגעפירטע קיין פּאָנאַר. אויך זיי האָט מען ניט געדאַרפט האָבן, ווייל זיי האָבן פאַרנומען צופיל פּלאַץ. די געטאָ-באַפעלקערונג איז געשלאָפן אויף דער ערד, צונויפגעשטופּט איינער אויפן אַנדערן אין די צימערן, קיכן, פאָדער-צימערן און קאָרידאָרן. אויף די טישן איז מען ביינאַכט געשלאָפן און בייטאָג געגעסן דאָס אָרעמע ברויט.

שפּעטער האָט מען איינגעפּירט הילצערנע „פּריטשען" — נ אַ ר ע ס — אָפּט צו איינציקע עטאַזשן אין איין קליין צימער. אויף אַ פּריטשע פלעגט געווינלעך שלאָפן אַ גאַנצע פאַמיליע: מאַן, פרוי און קינדער.

די לופט אין די צימערן איז געווען דערדריקנדיק. מענטשן פלעגן אָפט ניט קאָנען שלאָפן צוליבן לופט־מאַנגל.

## ג) קלאָזעטן.

אין אַלטן ווילנער קוואַרטאַל, וווּ עס האָט זיך געפונען דער געטאָ, זיינען ניט געווען קיין שטוב־קלאָזעטן אויך פאַרן קריג, נאָר הויף־קלאָזעטן. יעדער הויף האָט באַזיצט אַ קלאָזעט מיט אַ 2־3־4 סעדעסן, וואָס זיינען דעמאָלט געווען גענוג פאַר זיין צאָל איינוווינער.

אין געטאָ אָבער האָבן געוווינט פון 3 ביז 4 הונדערט פערזאָן אין אַ הויף, אין וועלכן עס האָבן פריער געלעבט פון 30 ביז 40 פערזאָן. די צאָל סעדעסן זיינען, פאַרשטייט זיך, ניט געווען גענוג. פלעגן ביי די קלאָזעטן שטיין לאַנגע, לאַנגע שורות פון וואַרטנדיקע אויף זייער ריי. דאָס דערליידיקן פון די פיזיאָלאָגישע באַדערפענישן פלעגט מוזן פאַרקומען זייער זייער שנעל, ווייל מען האָט געוואַרט . . .

די קאַנאַליזאַציע איז גיך פאַרניכטעט געוואָרן. דאָס וואַסער פלעגט ניט אַראָפּגעלאָזט ווערן. די קלאָזעטן פאַרשטאָפּט. אין אָוונט איז אין די קלאָזעטן געווען פינסטער, פלעגן די מענטשן אָפּטאָן זייערע באַדערפענישן אויף דער ערד, אין די הויפן. אין משך פון עטלעכע וואָכן זיינען די קלאָזעטן געוואָרן נעסטן פון אויסערגעוויינלעכן שמוץ און פּאָטענציעלע קוואַלן פון צוקונפטיקע עפּידעמיעס.

## ד) מיסטקאַסטנס.

אין יעדן הויף האָט זיך געפונען פאַרן קריג אין געטאָ־ראַיאָן אַ מיסטקאַסטן, וווּ דער עולם פלעגט וואַרפן דאָס מיסט, וואָס פלעגט שפּעטער אַרויסגעפירט ווערן אויסער דער שטאָט. צוליבן מאַנגל אין ברויט און אַנדערע דערנערונגס־פּראָדוקטן, האָט זיך אָנגעהויבן אין געטאָ אַן אויסערגעוויינלעכער פאַרברויך פון קאַרטאָפל. דאָס מיסט, צענפאַכיק מערער ווי פריער, (צוליב דער צענפאַכיק גרעסערער באַפעלקערונג פון יעדן הויף) און די אומנאָרמאַלע גרויסע צאָל פון קאַרטאָפל שאָלעכץ, האָבן שוין אין די ערשטע טעג פון געטאָ איבערגעפילט די מיסט־קאַסטנס, באַדעקט די קליינע הויף־שטחים און אָנגעהויבן וואַקסן אין פאָרם פון בערג, וועלכע האָבן פאַרדעקט די שיין פון די אונטערשטע עטאַזשן. מיטן אָנקומען פון די ערשטע פרעסט איז דאָס אַלץ צוגעפרוירן געוואָרן.

בערג פון מיסט, צוזאַמענגעמישט מיט קאַרטאָפל־אָפּפאַל, מענטשן־קאַל און אורין, — דאָס איז געווען דאָס כאַראַקטעריסטישע בילד פון יעדן הויף אין ווילנער געטאָ.

## ה) באַהייצונג.

אין געטאָ־ראַיאָן איז קיין צענטראַל־באַהייצונג, פאַרשטייט זיך, ניט געווען. די ווילנער יידישע באַפעלקערונג פלעגט געוויינלעך האַרבסטצייט (סוכות) איינקויפן האָלץ און קוילן אויף ווינטער. אין געטאָ אָבער זיינען די יידן אַריין ענדע זומער, ביי גרויסע היץ־טעג, און דעריבער כמעט גאָר קיין באַהייצונגס־מאַטעריאַל דאָרט ניט געפונען.

אַריינצופירן האָלץ און קוילן איז געווען אויסערסט שווער, פאַרבונדן מיט קאָלאָסאַלע הוצאות און ספּעציעלע דערלויבענישן פון דער דייטשער מאַכט. די יידן וואָס האָבן געאַרבעט אויסערן געטאָ, פלעגן מיט זיך מיטברענגען אויף זייערע פּלייצעס פון די אַרבעטס־קאָמאַנדאָס שטיקלעך האָלץ, בכדי צו באַהייצן די דירות אָדער אָנוואַרמען אַ גלאָז וואַסער. דאָס מיטגעבראַכטע האָלץ פלעגט אָפט רעקווירירט ווערן ביים געטאָ־טויער און דער אַריינברענגער פלעגט קריגן שמיץ. אַ סך מענטשן האָבן געאַרבעט אויף פּונקטן, וווּ עס איז בכלל ניט געווען קיין שום מעגלעכקייט צו "אָרגאַניזירן" האָלץ. אין רעזולטאַט דערפון זיינען אַ סך הייזער אין משך פון ערשטן ווינטער אין געטאָ ניט באַהייצט געוואָרן בכלל, און די מערהייט הייזער זיינען נאָר אָנגעוואַרעמט געוואָרן פון צייט צו צייט, ביים אויסניצן אַ צעקלאַפּט שטיקל האָלץ אונטער אַ דרייפוס אָדער אַ פּליטקע, בכדי אָפּצוקאָכן אַ וואַרעם געקעכץ פון קאַרטאָפל פאַר דעם צוריקקומענדיקן פון קאָמאַנדאָ.

אינזשעניער מאַרקוס פון לאָדזש, דער לייטער פון די טעכנישע וואַרשטאַטן אין ווילנער געטאָ, האָט קאָנסטרואירט אַ ספּעציעלן טיפּ פון קליינינקע בלעכענע אויוועלעך אויף פּיסלעך, וועלכע זיינען געווען זייער שפּאָרזאַם: מען האָט זיי געקאָנט הייצן מיט שטיקלעך האָלץ, קאָרע, שפּענדלעך, פּאַלאָווינעס. די אויוועלעך האָט מען אָנגערופן „מאַרקוסוווקעס“. מען פלעגט זיי אויפשטעלן פון שטיקלעך בלעך פון אָראָפּגעריסענע דעכער. מען פלעגט עס קאָנען קויפן פאַר 50 רובל אין די געטאָ־וואַרשטאַטן. זיי פלעגן, פאַרשטייט זיך, געבן ווייניק וואַרעמקייט, אָבער אויף זיי פלעגט מען קאָנען גיך אָפּקאָכן וואַסער אָדער אַ קאַרטאָפל־זופּ. פאַר דער „דערפינדונג“ איז דער אינזשענער מאַרקוס פּרעמירט געוואָרן דורכן יידן־ראַט. באַנוצן עלעקטרישע מאַשינקעס איז געווען אין געטאָ שטרענג פאַרבאָטן, אונטער דער דראָונג פון תּפיסה. אַ געפונענע עלעקטרישע מאַשינקע פלעגט קאָנפיסקירט ווערן.

פייכקייט און שימל האָבן גיך באַדעקט די ווענט. שפּעטער איז געקומען די פּלאָג פון וואַנצן, וועלכע האָבן אין די טויזנטער מאַרשירט אויף די ווענט, סופיטן, אויף די נאַרעס און צווישן דעם אָרעמען בעטגעוואַנט.

## ו) באַשפּייזונג.

די דייטשע מאַכט האָט צוגעטיילט פאַרן געטאָ אַ באַשפּייזונג פון אַן ערך 50 גראַם ברויט פאַר אַ מענטשן (1.600 קילאָ ברויט אַ טאָג, ווען דער געטאָ האָט געציילט אַן ערך 29 טויזנט פּערזאָן ! ). ביים יידן־ראַט האָט זיך געשאַפן אַ באַ־

שפּייזונגס־אָפּטיילונג, וועלכע פלעגט אויסטיילן אויף קאַרטן די צוגעטיילטע ראַציעס ברויט און פלעגט זיך אויך קליגן אַריינצוברענגען אין געטאָ אַ ביסל גרויפּן, פערדן־פליש, גרינס און קאַרטאָפל. אין יאַנואַר 1942, ווען אין געטאָ זיינען געווען אַרום 18 טויזנט מענטשן, און „געלע לעבנס־שיינען" האָבן געהאַט נאָר 12 טויזנט יידן, האָט די דייטשע מאַכט אויסגעטיילט שפּייז נאָר פאַר די מענטשן, וואָס האָבן „לעבנס־שיינען". זיינען די 6 טויזנט שיין־לאָזע „ווייסע שיינען" — געבליבן לגמרי אָן באַשפּייזונג. די, וואָס האָבן געאַרבעט אין איינהייטן אויסערן געטאָ, האָבן דאָרט געקאָנט אויף פאַרשיידענע אופנים קויפן עטוואָס צום עסן. די „ווייסע שיינען" אָבער זיינען געבליבן הן אָן רעכט צום לעבן, והן אָן מעגלעכקייט צו לעבן. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַשמאַר פון הונגער.

דער געטאָ האָט דאַן אָנגעהויבן אין פאַרשיידענע אינדיווידועלע און אָרגאַניזירטע פאָרמען דעם געראַנגל קעגן הונגער.

## ז) באַקליידונג.

אין געטאָ זיינען אַריין די יידן ביי די גרויסע זומערדיקע היצן, מיטנעמענדיק אויף די פּלייצעס אַלץ, וואָס יעדער האָט נאָר געקאָנט שלעפּן : אַ מאַנטל, אַ ביסל וועש, אַ קישן, אַ ביסל עסנוואַרג. מיט דער צייט האָבן די בגדים זיך אָפּגעטראָגן, צעפאַלן און צעריסן. אַרומגעגאַרטלט מיט שטריק, אין די מלבושים מיט לאַטעס אויף לאַטעס, פלעגן זיך די מענער צוריקקערן פון דער אַרבעט. די פרויען האָבן באַוויזן אַריינצוברענגען אַ געוויסע „עלעגאַנץ", האַרמאָניע און סיסטעם אין דער „געלאַטעטקייט", אַריינפירנדיק אַ „געטאָ־מאָדע" פון קליידער, מאַנטלען, געשטריקטע יאַקלען, וועלכע באַשטייען פון סימעטרישע שוואַרצע, בלויע, רויטע, גרויע שטיקלעך פון אַלטע בגדים, צענויפגעשטעלטע פון פירקאַנטן, דרייעקן (און ביי גאָר עלעגאַנטע אין רעדלעך און קרייזן).

באַדייטנדיק שווערער איז געווען מיט דער שיך־פראַגע : פון טאָג־טעגלעכן גיין אויף דער אַרבעט האָבן זיך די שיך גיך צעריסן. דאַן איז אַריינגעפירט געוואָרן אין געטאָ די מאָדע פון טראָגן הילצערנע שיך און „קלומפּעס".

## ח) וואַסער.

אָפּגעריסן פון שטאָט, זיינען גיך אין געטאָ צעבראָכן געוואָרן אין אַ סך הייזער די קאַנאַליזאַציע־רערן. מיטן אָנקומען פון ווינטער האָבן אין אַ סך ניט געהייצטע בנינים געפּלאַצט די רער־ן, און עס האָט אויסגעפעלט וואַסער אין געטאָ צום טרינקען, קאָכן און אודאי שוין צום וואַשן וועש.

ביים מאַנגל אין וואַסער, האָלץ און פלאַץ איז דאָס וואַשן וועש געווען אַ קאַלאָסאַל שווער פּראָבלעם אין געטאָ. אויך קיין זייף איז כמעט ניט געווען בנמצא. פון שמוץ זיינען גיך אַנטשטאַנען ביי די געטאָ־איינוווינער פורונקלען, הויט־אויסשיטונגען, פיאָדערמען.

ט) לייז.

אין די באַדינגונגען פון ענגשאַפט און שמוץ האָבן זיך באַוויזן לייז. זייער צאָל איז געוואַקסן. אין די ערשטע חדשים פון געטאָ זיינען לייז כמעט אויף יעדן איינעם געקראָכן. שפּעטער זיינען אַ סך מענטשן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין נעסטן פון הונדערטער און טויזנטער לייז (זע ווייטערדיקע קאַפּיטלען).

י) אַלגעמיין בילד.

הונגער, קעלט, ענגשאַפט, שמוץ, בערג פון מיסט, קאַל, קאַרטאָפל־שאָלעכץ און אורין, פאַרשמוציקטע און פאַרשטאָפּטע קלאָזעטן, מאַנגל אין באַהייצונג און וואַסער, מאַנגל אין באַקליידונג און באַשוכונג, פייכטקייט און שימל אין די געטאָ־צימערן, וואַנצן און לייז, — דאָס זיינען געווען די סאַניטאַר־היגיענישע לעבנס־באַדינגונגען אין ווילנער געטאָ.

ביי די דאָזיקע באַדינגונגען האָבן די יידישע מעדיצינער אין געטאָ אָנגעהויבן זייער טעטיקייט און קאַמף פאַרן געזונט פון די געטאָ־יידן, אין טאָג־טעגלעך שפּאַ נענדיקער דערוואַרטונג פון אַלגעמיינער אויסמאָרדונג, אָבער אין שטילן גלויבן אין גיכן נצחון פון די אַליאירטע און ביי דער אינערלעכער איבערצייגונג, אַז פאַר־היטן דעם געטאָ פון עפּידעמיעס הייסט פאַרהיטן אים פון אַ פריצייטיקער מאַסן־אויסמאָרדונג, און אַז דער קאַמף פאַר דער געזונטהייט פון געטאָ, גיט די יידן אין אַ געוויסער מאָס די מעגלעכקייט צו לעבן, איבערלעבן און דערלעבן בעסערע צייטן.

יא) דער סאַניטאַרער מצב פון די „מאַלינעס".

אין געטאָ האָט מען שטענדיק געלעבט אין שרעק פאַר „אַקציעס" און אַרויס־פירונגען. האָט מען אויף בוידימער, קעלערס און זייטיקע פאַרשטעלטע צימערן געבויט „באַהעלטענישן" (מאַלינעס — אָדער בונקערס). דאָס וואָרט „מאַלינע" שטאַמט פון העברעאישן וואָרט „מלינה" — אַן איבערנעכטיקונגס־אָרט. עס זיי־נען געווען קליינע מאַלינעס, וווּ עס פלעגן אַריינגיין נאָר עטלעכע מענטשן, גרע־סערע — וווּ עס פלגן אַריינגיין אייניקע משפחות, און גאָר גרויסע, וווּ עס פלעגן זיך קאָנען אויסבאַהאַלטן עטלעכע הונדערט מאַן. אַריינגיין אין די מאַלינעס פלעגט מען דורך געהיימע טרעפּ, עפענונגען אין ווענט, דורך אויוונס און קלאָ־זעטן, דורך אַריינגאַנגען אין ברונימס.

אין די מאַלינעס פלעגט מען זיך אויסבאַהאַלטן ביי יעדער פּאַניק אין געטאָ. מענטשן, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין „לעבנס־שיינען", פלעגן אָפט זיך אויסבאַ־האַלטן וואָכן און חדשים אין די מאַלינעס. עס זיינען געווען פאַלן, ווען צוליב מאַנגל אין לופט, פלעגט אַ מאַלינע דורכפאַלן, ווייל אירע איינוווינער פלעגן זי מוזן עפע־נען, בכדי עס זאָל אין איר אַריינגיין אַ ביסל לופט. דאַן פלעגט די מאַלינע אָפט אַנטדעקט ווערן דורך די לויערנדיקע דייטשן.

עס האָט געטראָפן אין די מאַלינעס פאַלן פון מ א ס ן - פ ס י כ אָ ז ן, ווען מענטשן פלעגן אָנפאַלן איינע אויף די אַנדערע און עס האָבן אויך פאַסירט פאַלן, ווען מאַמעס פלעגן דערשטיקן וויינענדיקע קינדער, וואָס האָבן געקאָנט מיט זייער געוויין אויסגעבן די איינוואוינער פון דער מאַלינע און ברענגען צום טויט צענדליקער מענטשן. שפּעטער איז מיר אויסגעקומען צוצושרייבן ניט איין־מאָל שלאָפמיטלען פאַר קינדער. די עלטערן פלעגן עס האַלטן ביי זיך אין רעזערוו, און געבן דעם קינד, פאַרן אַריינגיין בשעת אַ "פּאַניק" אין דער מאַלינע, כדי עס דאַן צו פאַרשלעפערן.

מיט דער צייט האָט זיך אַנטוויקלט אַ „סאַניטאַריע" פון די מאַלינעס. מען האָט זיך געקליגט צו באַזאָרגן די מאַלינעס מיט לויפנדיקן וואַסער, מיט קלאָזעטן־עמערס און מיט וואַסער־קלאָזעטן, מיט עלעקטרישע מאַשינקעס אויף צו קאָנען אויפקאָכן וואַסער, מיט אַפּטייקלעך, באַזאָרגט מיט וואַטע, יאָד, אַספּירין, באַנ־דאַזשן, וואַלעריאַן וכדומה. מיט רעזערוו־נאַרעס בענק און שטולן, ווי אויך מיט עפענונגען צו קוימענס, דורך וועלכע עס זאָל קאָנען אַריינגיין לופט צו דער מאַלינע.

נאָך דער ליקווידאַציע פון ווילנער געטאָ איז אויסגעקומען מענטשן אָפּצו־זיצן אין די מאַלינעס לאַנגע מאָנאַטן.

עס פלעגט אויך פאַסירן, אַז אַ מאַלינע איז דורכגעפאַלן צוליב אַ טויט־פאַל, ווען מען פלעגט מוזן עפענען דעם אַרויסגאַנג, בכדי מקבר צו זיין דעם בר־מינן, וואָס איז שוין געווען אין אַ צושטאַנד פון פונאַנדערלייגן זיך.

אַ סך יידן האָבן זיך געראַטעוועט אין דער קאַנאַליזאַציע־נעץ פון ווילנער שטאָט. דאָרטן זיינען זיי אָפּגעלעגן מאָנאַטן. דער ערגסטער מאָמענט איז פאַר זיי געווען, דאָס אָנקומען פון אַ הויכן וואַסער־שטראָם אין די קאַנאַליזאַציע־רערן : דאַן פלעגן זיי דורכגענעצט ווערן ביזן קאָפּ, זיי פלעגן זיך אָפּט מוזן האַלטן ביי די הענט, כדי דער וואַסער־שטראָם זאָל זיי ניט פאַרטראָגן. אין בלאָק „ה. ק. פ." האָבן 80 קינדער אַ לענגערע צייט אויסבאַהאַלטן זיך אין אַ זייטיקן צימער, וועלכער איז געווען "פאַרמאַלינעוועט" און איז געווען אָפּגעטיילט פון אַנדערע באַוווינטע שטאָקן דורך אַ בלעכענעם אויוון. דער אויוון פלעגט אַ גאַנצן טאָג געהייצט ווערן, בכדי מען זאָל ניט דערקענען, אַז הינטער אים באַ־האַלטן זיך אוים יידישע קינדער.

אינזשענער מארקוס האָט מיר באַוויזן אַ מאַלינע אויפן בוידעם פון געוועזע־נעם ווילנער קליינעם שטאָט־זאַל, וואו עס האָבן זיך געראַטעוועט אַ גאַנצע ריי יידן, אויסבאַהאַלטנדיק זיך במשך פון אייניקע טעג, ליגנדיק דאָרט נאָר אויפן בויך : קיין אַנדערע פּאָזיציע האָבן זיי נישט געקאָנט אָנעמען.

יב) די פסיכיק פון געטאָ.

דער רוף פון די מעדיצינער צום קאַמף פאַר'ן געזונט, צוגלייך מיטן רוף פון

אַלע גוזעלשאַפטלעכע קרייזן אין געטאָ, ניט אַריינצופאַלן אין יאוש, האָבן גע־האַט זייער טיפסטן אָפּקלאַנג ביי דער געטאָ־באַפעלקערונג. די טראַגישע איבער־לעבונגען פון שטענדיק דערוואַרטן דעם טויט, האָבן דאָך ניט געבראָכן דעם מוט און די מאָראַל פון די געטאָ־יידן. טראָץ די שוואַ־צסטע פּערספּעקטיוון זיינען די מענטשן ניט אַריינגעפאַלן אין רעזיגנאַציע און פּעסימיזם. מען האָט זיך דער־מוטיקט מיט אָפּטימיסטישע ידיעות, קלאַנגען און גלויבן אין גיכן סוף. עס זיינען אַנטשטאַנען נייע קוואַלן פון גייסטיקע און פיזישע ווידערשטאַנדס־פעאיקייטן. דער פאַרלאַנג צום לעבן האָט דערגרייכט די העכסטע שטופע און איז געווען אַ מעכטיקער אימפּולס דורכצוטראָגן די שווערע קנעכטישע איבערלעבונגען.

זעלבסטמאָרד איז אין געטאָ געווען אַן אויסערסט זעלטענע דער־שיינונג.

מען האָט איבערגעלעבט זאַכן, פון וועלכע מען קאָן אַראָפּגיין פון זינען, און אויף עטלעכע און צוואַנציק טויזנט איינוואוינער פון געטאָ זיינען פאַרנאָטירט געוואָרן נאָר אייניקע פאַלן פון משוגע־ווערן.

אין דעם בית־עולם־לעבן פון געטאָ זיינען, ווי אַ רעטעניש פאַר מענטשן, וואָס האָבן דאָס ניט איבערגעלעבט, געבויט געוואָרן שולן און קינדער־גערטנער, גימנאַזיאַלע און טעכנישע קורסן, יידישער און העברעאי־שער טעאַטער, יידישע און העברעאישע כאָ־ן, קאָנצערטן, אַקאַדעמיעס, רעפע־ראַטן, פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס, ליטעראַטן־פאַריין, יוגנט־באַוועגונג, ספּאָרט־פאַר־וועטונגען, סדרים, חנוכה־און פורים־אָוונטן און אַ געהיימע, אונטערערדישע פּאַרטיזאַנען־באַוועגונג.

## יג) שטערבלעכקייט, געבורטיקייט און חתונות אין געטאָ.

די „נאַטירלעכע" שטערבלעכקייט אין געטאָ, מיט אַ באַפעלקערונג פון קרוב צו 20 טויזנט מאַן, איז געווען בערך 4־5 פאַלן אַ טאָג. אין דער יידישער פאַר־מלחמהדיקער ווילנע, וואָס האָט געציילט קרוב צו 70 טויזנט מאַן, איז די שטערב־לעכקייט געווען פון אַן ערך 3־4 מאַן אַ טאָג. (די שטערבלעכקייט אין געטאָ איז אין דער ווירקלעכקייט געווען, פּראָפּאָרציאָנעל צו אַמאָל, באַדייטנדיק שטאַר־קער, ווייל אין געטאָ איז דאָך געווען גאָר קליין די צאָל פון די זקנים, וועלכע האָבן געוויינלעך געליפערט פריער די מערהייט פון טויט־פאַלן).

די מתים פלעגן אַרויסגעפירט ווערן פון געטאָ צום ייד. בית־עולם הינטער דער שטאָט. לוויות פלעגן פאַרקומען נאָר ביזן טויער פון געטאָ, און ווייטער פלעגט שוין די עגלה פאָרן אַליין מיט אַ פּאָר מענטשן פון בית־עולם־אָפּטיילונג, וועלכע האָבן געהאַט דערצו אַ ספּעציעלע דערלויבניש. געוויינלעך פלעגן פאָרקומען „שות־פותדיקע" לוויות, ווייל אויף איין עגלה פלעגט מען פירן מיט אַמאָל עטלעכע מתים.

די געבורטיקייט איז געווען גאָר קליין, צוליבן פאַרבאָט, אונטער דער דראָונג פון טויט־שטראָף, צו געבוירן קינדער. עס האָבן מיט לעבנס־ריזיקע

אויסגעטראָגן די שוואַנגערשאַפט די פרויען, וועלכע זיינען געווען אין די הויכע מאָנאַטן. נייע געבוירטן פון פאַרשוואַנגערטע אין געטאָ גופא זיינען געווען זייער זעלטן.

אין געטאָ איז געווען אַ מוהל פעקלער, פלעגט ער דורכפירן ברית'ן. אַ טייל עלטערן האָבן אָפּגעלעגט דעם ברית ביז נאָכן געטאָ, אפשר וועלן זיי קאָנען אויסבאַהאַלטן זייער קינד אַלס אַ־ייער . . .

חתונות אין געטאָ זיינען געווען אָפטע. אין געטאָ זיינען געווען אַ סך פרויען ,ביי וועלכע מען האָט צוגענומען די מענער צום טויט ; און מענער, ביי וועמען מען האָט צוגענומען די פרויען. יעדער, וואָס האָט געהאַט אַ לעבנס־שיין, האָט געמעגט האָבן אַ פרוי, וועלכע האָט געהאַט רעכט אויף לעבן אַ דאַנק דעם שיין ; און פאַרקערט, דער מאַן האָט געהאַט לעבנס־רעכט אַ דאַנק דעם שיין פון זיין פרוי. האָבן מענער און פרויען זיך פאַ־שריבן אַלס „עהעפּאַר" און געמוזט וווי־נען אין זעלבן צימער, בכדי ביי אַ רעוויזיע זאָל זיך ניט אַרויסווייזן די פיקציע. די בחורים האָבן צוגעשריבן די יונגע מיידלעך אַלס פרויען (ביז 16 יאָר האָט מען געהאַט לעבנס־רעכט אויפן שיין פון די עלטערן — איבער 16 יאָר האָט מען גע־דאַרפט האָבן אַ זעלבסטשטענדיקן שיין). מיט דער צייט זיינען אַנטשטאַנען פון די פיקטיווע פּאָרן אמתע זיווגים, טרייע אויף טויט און אויף לעבן. די אָפיציעלע פיקטיווע חתונות פלעגט מען דורכפירן אין „מעלדונגס־אַמט" פון דער יידישער געטאָ־פּאָליציי.

די רעליגיעזע קרייזן האָבן לכתחילה ניט געוואָלט געבן חופה וקדושין פאַר די יונגע לייט, וועלכע האָבן זיך צו זיי געווענדעט. עס איז דאָך ניט געווען מעג־לעך אין געטאָ־כאַאָס צו וויסן צווישן די מענער, ווער איז אַ בחור, געגטער אָדער אַלמן, — און דאָס זעלבע מיט די פרויען. הײַנט, פון וואַנען ווייסט מען, אַז די אַרויסגעפירטע אויף פּאַנאַר וועלן שוין מער ניט צוריקקומען ? עס איז דאָך ניטאָ קיין עדות פון זייער טויט? ! . . . די גאָר רעליגיעזע האָבן נאָך דערצו געטענהט, אַז עס זיינען ניטאָ אין געטאָ קיין מקוואות, איז דאָך פאַרויסצוזען, אַז די פרוי וועט ניט קאָנען אָנהאַלטן דעם רעליגיעזן ריטואַל פון פאַמיליען־לעבן.

דאָס לעבן האָט געגעבן די פשרה, אַז מענער און פרויען וועגן וועלכע מען האָט געוווסט, אַז זיי האָבן נאָך קיינמאָל ניט חתונה־געהאַט, אָדער וואָס זייער יו־ידישע לאַגע איז געווען קלאָר, פלעגן דאָך באַקומען חופה וקדושין ; די איבע־ריקע ניי־אַנטשטאַנענע פּאָרן, האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט די קאַטעגאָריע פון „געטאָ־מאַן" און „געטאָ־ווייב", ד. ה. פּאָרן, נאָך ניט אָפיציעל רעליגיעז פאַר־היי־אַטעט, אָבער וועלכע דעקלאַרירן זיך אומעטום, צווישן זייערע שכנים אַלס מאַן און פרוי און האָפן עס צו בלייבן אויך נאָכן געטאָ, אויב זיי וועלן איבער־לעבן . . .

און די דריטע קאַטעגאָריע איז באַשטאַנען פון די א. ג. „צוגעשריבענע" מאַן־און־פרוי, ד. ה. לגמרי פיקטיווע פּאָרן (ווי מען האָט זיי גערופן אין געטאָ — „אַ פּאַפּירענער מאַן" און „אַ פּאַפּירענע פרוי").

## יד) דאָס זקנים־פּראָבלעם אין געטאָ.

זייער טראַגיש איז געווען דאָס פּראָבלעם פון די זקנים אין געטאָ. זיי זיינען ניט געווען פעאיק צו אַרבעטן, — האָבן זיי קיין ארבעטס־און לעבנס־שיינען נ י ט געקראָגן. פלעגן זיי זיין די ערשטע אַ־ויסגעפירט צו ווערן אויף פאַנאַר ביי אַלע „אַקציעס". דאָך האָבן אַנדערע זקנים אַזוי קונציק זיך אויסבאַהאַלטן אין די מאַלינעס, אַז ביזן לעצטן טאָג פון געטאָ פלעגט מען מיטאַמאָל דערזען אַן אַל־טיטשקן אָדער אַ באָבעשע, שפּאַצירנדיק איבערן געטאָ מיט אַ סידור אין דער האַנט.

פאַר אָפּגעשוואַכטע זקנים איז געשאַפן געוואָרן אין געטאָ אַ מושב־זקנים. זיינען אַלע איינוואוינער פון מושב־זקנים צוגענומען געוואָרן דורך די דייטשן אין הארבסט 1941.

שפּעטער, אין יאָר 1943, זומער, האָבן די דייטשן צונויפגעזאַמלט אַלע זקנים פון געטאָ אויף פּאָספּעשקי, אין בנין פון דער געוו. קינדער־קאָלאָניע פון „אָזע", אויפן נאָמען פון ד"ר צמח שאַבאַד. דאָרט האָט מען געהאַלטן די אַלטע אַ געוויסע צייט אויף גוטער דערנערונג, געגעבן זיי ווייסע קאַווע, טרוסקאַוועס, ווייס ברויט, גערופן אויסלענדישע געסט, פאָטאָגראַפירט, און גלייך נאָכדעם — אַרויס־געפירט צום טויט.

III.

# געטאָ־קראַנקייטן

אין געטאָ האָבן זיך באַוויזן אַ גאַנצע ריי פּאַטאָלאָגישע דערשיינונגען, וואָס האָבן זיך מאַניפעסטירט אַלס ספּעציפישע פאַר די לעבנס־באַדינגונגען אין געטאָ. די אָפטערע און כאַראַקטעריסטישערע פון זיי וויל איך דאָ דערמאָנען און איך וועל גלייכצייטיק דורכפירן אַ פּאַראַלעל מיט די זעלבע קראַנקייטס־דערשיינונגען, וואָס איך האָב אָבסערווירט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין עסטלאַנד און דייטשלאַנד.

## א) מאַנגל אין מענסטרואַציע ביי פרויען.

גלייך מיטן אַריינגיין אין געטאָ האָבן די פרויען אָנגעהויבן צו מעלדן זיך אין אַמבולאַטאָריע צוליבן פאַרשווינדן פון דער מענסטרואַציע. אין דער ערשטער תקופה פון געטאָ האָבן, לויט דער שאַצונג פון די דאָקטוירים, אַן ערך 75 פּראָצ. פרויען פון געטאָ פאַרלוירן דעם פּעריאָד. די דערשיינונג האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע באַאומרויקונג ביי די פרויען און גרויסע דיסקוסיעס ביי די דאָקטוירים. מען האָט דאָס געוואָלט דערקלערן מיט די פּסיכישע איבערלעבונגען, מיט ענדאָקרינאָלאָגישע שינויים פון דער האָרמאָנען־סעקרעציע, מיט וויטאַמינען־מאַנגל. עס זיינען געווען מיינונגען, אַז די שינויים זיינען סטאַבילע, אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז דאָס זיינען פאַראיבערגייענדיקע דערשיינונגען.

מיטן פאַרבעסערן זיך פון דער דערנערונג אין געטאָ און מיטן אויפהערן, אויף אַ געוויסער צייט פון די אַרויספירונגען צום טויט, האָבן די פרויען ווידער באַקומען זייער מענסטרואַציע. אַ טייל האָט זי באַקומען אין אירעגולערע צייטן און אין ניט גענוגענע מאָסן (דיסמענאָרעאַ Dysmenorrhoea) און ביי אַ טייל די גאַנצע צייט פון געטאָ מער זיך ניט באַוויזן (אַמענאָרעאַ Amenorrhoea).

פון שמועסן מיט מעדיצינער פון אַנדערע געטאָס האָב איך זיך דערקונדיקט, אַז מאַסן־דערשיינונגען פון אַמענאָרעאַ און דיסמענאָרעאַ זיינען נאָטירט געוואָרן אין וואַרשע און קאָוונע. אין קאָוונער געטאָ, ווו עס איז אַ לענגערע צייט געווען רואיק, און אַ נאָרמאַלע דערנערונג, האָט, לויט די דערציילער, די מענסטרואַציע ביי דעם מערסטן טייל פרויען זיך ווידער באַוויזן. די ניט־מענסטרואירנדיקע יונגע פרויען האָט מען אין געטאָ געקאָנט לייכט דערקענען, לויט זייער אָנגעגאָסענעם, אומנאָרמאַל־דיקן אויסזען און מגושמדיקע שטריכן פון פּנים.*)

---

*) דר. פינגערהוט, (באַקאַנטער גינעקאָלאָג פון וואַרשע) האָט פּרובירט אין ווילנער געטאָ, איינצושפּריצן די פרויען, וועלכע האָבן פאַרלאָרן די מענסטרואַציע, אינטראַ־

די פאַקטן פון אַמענאָרעאַ און דיסמענאָרעאַ האָב איך שפּעטער אָבסערווירט אין די יידישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן וואַי־וואַראַ, קורעמע, גאָלדפּילץ און לאַגעדי (אין עסטלאַנד), און עס האָבן מיר וועגן דעם אויך איבערגעגעבן מעדיצינער, צוריקגעקומענע פון אוישוויץ און דאַכאַו.

ב) אורין־שטערונגען.

ביי די עלטערע מענער האָט זיך באַוויזן אין געטאָ אין אַ גרויסער צאָל אַ פאַרגרעסערונג פון דער פּראָסטאַטאַ־דריז (היפּערטראָפּיאַ פּראָסטאַטע) Hypertrophia gl. Prostatae ווי אויך טיילווייזע און קאָמפּלעטע פאַרהאַלטונג פון אורין רעטענציאָ אורינע פּאַרטיאַליס עט קאָמפּלעטאַ — (Retentio urinae partialis et completa)

די פאַרגרעסערונג פון דער פּראָסטאַטאַ ביי די עלטערע לייט האָט מען אין געטאָ דערקלערט אַלס פּועל־יוצא פון פאַרקילונגען ביים שלאָפן אין קאַלטע קעלערס און בוידימער, אויסבאַהאַלטנדיק זיך בעת די „אַקציעס" אין געטאָ. די פאַרגרעסערונג פון דער פּראָסטאַטע און די פּסיכישע איבערלעבונגען האָבן אויך געבראַכט צו די אורין־פאַרהאַלטונגען (אָפט ספּאַזמאַטישע). אַ קאַטעטער איז געווען שווער צו קריגן אין געטאָ. אויף די מאַלינעס האָט מען, פאַרשטענדלעך, די זקנים ניט געקאָנט קאַטעטעריזירן. זיינען אַ סך געשטאָרבן פון נאַטירלעכן „א ו ר ע ־ מ י א" ־ ט ו י ט און אַזוי אַרום באַפרייט געוואָרן פון אַרויסגעפירט צו ווערן אויף פּאָנאַר אָדער אין די גאַז־קאַמערן פון אוישוויץ.

אַ מאַסן־דערשיינונג אין געטאָ איז געווען דאָס זייער אָפטע אָפּגעבן אורין (polakysuria) און דאָס אָפּגעבן אורין אין גרויסע כמותן. (polyuria)

אין די פאָדער־צימערס פון די געטאָ־וווינונגען זיינען געשטאַנען גרויסע עמערס און צעבערס; די מענטשן פלעגן גיין אָפּגעבן אורין 10־8־4 מאָל אַ נאַכט. די מענטשן פלעגן זיך אויפכאַפּן פלוצלינג פון שלאָף מיט אַ דרינגענדיקן באַדאַרף גלייך אָפּצוגעבן אורין, און זיי פלעגן לויפן צום עמער, אָפּקלאַפּענדיק זיך אָן די שלאָפנדיקע שכנים. אין אַ צימער, ווי שוין דערמאָנט, האָבן געוווינט ביי אַ צען־צוועלף מאַן, אין אַ קליינער דירה — ביי אַ פערציק־זעכציק מאַן. עס איז

מוסקולער אַ דעפּאָ (5 cm$_3$) פון Ol Camph אין רעזולטאַט האָט זיך די מענסטרואַציע באַוויזן ביי אַ סך פרויען.

מען האָט אויך באַנוצט גרויסע דאָזן פון אָוואַריאַל־האָרמאָנען (הונדערט טויזנט — צוויי הונדערט טויזנט איינהייטן) און ס'האָט געגעבן גוטע רעזולטאַטן.

ס'האָט זיך איינגעשטעלט אין געטאָ אַט די סיסטעם: ווען אַ פרוי פאַרלירט די מענסטרואַציע, וואַרט מען זעקס מאָנאַטן, אפשר וועט זי זיך באַווייזן, פון זיך אַליין; און אויב ניט, טרעט מען דאָן צו צו דער היילונג.

געווען א פּלאָג פון די נעכט דאָס שטענדיקע אומאויפהערלעכע מאַרשירן פון די שכנים אין דעם חושך צו דעם אורין־עמער.

די סיבה פון דער דאָזיקער דערשיינונג האָט מען געוואָלט דערקלערן מיט פסיכישע מאָמענטן, וואָס רופן אַרויס ספּאַזמען פון דער פּענכער־מוסקולאַטור, מיט דער שפּייז, וואָס איז געווען צו רייך אין וואַסער און אָרעם אין פעטס און ווייסל, און, דער עיקר, מיט די גרויסע מענגען זופּ, וואָס דער עולם האָט גע־טרונקען ביים מאַנגל אין אַנדערע באַשפּייזונגען, אין די פאָלקס־קיכן און אין די אַרבעטס־קאָמאַנדאָס. עס איז אויך געווען א מיינונג, וועלכע האָט עס געוואָלט דערקלערן מיטן מאַסן־באַנוץ פון סאַכאַרין (אַלס דיאוּרעטיק) צו דער טיי (גע־קאָכטע וואַסער, באַפאַרבט מיט עפּעס א געמיש פון געטריקנטע בלעטער פון יאַגדעס). צוקער איז געווען אין געטאָ א זעלטענע דערשיינונג.

אויך אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן פון עסטלאַנד און דייטש־לאַנד האָב איך אָבסערווירט אַלס אן אַלגעמיינע דערשיינונג דאָס אומנאָרמאַל־אָפטע אורינירן: די מענטשן פלעגן אָפּגעבן אורין צען־פופצן מאָל א טאָג ביי דער אַרבעט אויף דער שטרעקע, און א 4־5 מאָל א נאַכט אין לאַגער (דאָס האָט זיי געבראַכט ניט איין מאָל געשלאָגן צו ווערן מערדעריש דורך די אַרבעטס־אױפזעער און באַראַקן־עלטסטע).

ג) דאַרם־שטערונגען.

די צו־אָפטע נויטווענדיקייט אָפּצוגעבן קאַל איז געווען א מאַסן־דער־שיינונג אין געטאָ. א סך מענטשן פלעגן מוזן דערלייזן זיך צוויי־דריי מאָל א נאַכט דעם דאָזיקן פיזיאָלאָגישן געברויך. אין די פאָדער־צימערס איז געווען שווער אָוועקצושטעלן קאַל־עמערס, ווייל די שכנים פלעגן פּראָטעסטירן צוליבן שלעכטן גערוך. פלעגט מען מוזן זיך אָפט לויפן אין די קאַלטע נעכט אויפן הויף, אין די קלאָזעטן, ווו עס איז געווען פינצטער צוליב דער לופט־אַלאַרם־פאַרדונקלונג, און דעריבער אויך פאַרשמוציקט. בכדי אויסצומיידן די דאָזיקע אומ־באַקוועמלעכקייט, פלעגן מענטשן אויף יעדן פאַל פאַרן שלאָפן גיין, שטעלן זיך אין לאַנגע רייען. דאָ פלעגט מען זיך איבערגעבן די נייעס פון טאָג.

דאָס אָפטע אָפּגעבן קאַל (וואָס איז געווען לרוב שיטער אין איר קאָנסיס־טענץ) איז געווען א פּועל־יוצא פון דעם צופיל טרינקען זופּן און פון דער דער־נערונג, וואָס איז געווען צו רייך אין צעלולאָז און צו אָרעם אין ווייסל־שטאָף.

עס איז געווען א שטאַרקע נייגונג צו גאַסטראָ־ענטעראָ־קאָליטן (מאָגן־ און דאַרם־אָנטצינדונגען). פאַר טאַנאַלבין־טאַבלעטן (אויף צו פאַרהאַלטן דעם מאָגן) פלעגט מען אין געטאָ צאָלן גרויסע פּרייזן.

אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן איז גאַסטראָ־ענטעראָ־קאָליטין אין א שאַרפער פאָרם געווען א מאַסן־דערשיינונג, וועלכע האָט

דערפירט צו אַן אַלגעמיינער אָפּשוואַכונג פון קערפּער און צו זייער פּיל טויט־פאַלן. איינע פון די הויפּט־סיבות פון נאַטירלעכן טויט אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן איז געווען די דיזענ־טעריע־קראַנקייט, וועלכע האָט דאָרטן שטענדיק געהערשט און פון צייט צו צייט אויך אָנגענומען שטורמיש־עפּידעמישע פאָרמען.

## ד) געשווילעכצן.

אַ כאַראַקטעריסטישע דערשיינונג אין געטאָ־לעבן זיינען געווען די געשוויי־לעכצן, Oedemata וועלכע האָבן זיך באַוויזן ביי אַ סך מענטשן אויף די הענט, אויף די פיס, ווי אויך אויפן פּנים.

מען האָט געזוכט צו דערקלערן די סיבות פון די דאָזיקע געשווילעכצן מיט שטערונגען פון דער נירן־סיסטעם, מיט האַרץ־דיספונקציעס, מיט האָרמאָנאַלע שטערונגען, היפּאָ־וויטאַמינאָזן און אַ־וויטאַמינאָזן (טיילווייזער אָדער פולקומער מאַנגל אין וויטאַמינען), מיט אויסשעפּונג פון שווערער אַרבעט, מיט ווייסל־הונ־גער, ביי דער פאַרבעסערונג פון דער דערנערונג און ביי איינרעגולירונג פון לעבן אין געטאָ, זיינען די געשווילעכצן באַדייטנדיק פאַרשוואונדן. אַנדערע האָבן דאָס דערקלערט מיט דער גרויסער צאָל זופּן און וואַסער, וואָס מען פלעגט טרינקען אין געטאָ; צו אַ הסכם אין דער אויפקלערונג פון דער סיבה פון דעם דאָזיקן דעפעקט פון דער וואַסער־ווירטשאַפט אין אָרגאַניזם, איז שווער געווען צו קומען. די הערשנדיקע מיינונג ביי די מעדיצינער אין געטאָ איז געווען, אַז די געשוויי־לעכצן זיינען אַ רעזולטאַט פון עטלעכע באַזונדערע סיבות פון געטאָ־לעבן.*)

אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן פון עסטלאַנד און דייטשלאַנד (שטוטהאָף און דאַוטמערגען) האָב איך אָבסערווירט די עקסטרע־מיטעטן און פּנים־געשווילעכץ אַלס אַ זייער אָפטע דערשיינונג, וועלכע איז געווען על פּי רוב פּראָגנאָסטיש פאַר אַן אָנקומענדיקער אַלגעמיינער שנעלער קערפּער־אויסשעפּונג. אין זעלטענע פאַלן, ווען עס איז געווען די מעגלעכקייט צו מאַכן אַן אורין־אַנאַליז, פלעגט על פּי רוב קיין ווייסל ניט זיין אין אורין.*)

ביים מאַנגל אין אַנדערע מעדיקאַמענטן, פלעגט דאָס באַנוצן פון אַ שטרענגער קאַרטאָפל־דיעטע (ד. ה. אין משך פון עטלעכע טעג עסן אויסשליסלעך און נאָר איינציקע קילאָ קאַרטאָפל אַ טאָג) ברענ־

---

*) מען פלעגט אַ געוויסע פאָרם פון דער קראַנקייט אָפט אָנרופן מיטן נאָמען: „געטאָ־נעפריטיס“ Nephritis ghettica ווייל מען האָט געזען, אין די אָפטע צו־קילונג פון די געטאָ־איינוווינער בשעת דער אַרבעט אויף דער קעלט, די סיבה פון דער קראַנקייט. איר פאַרלויף איז געווען אַנדערש, ווי ביי נאָרמאַלע געפריטן; אין אורין פלעגט מען קיין ווייסל ניט פעסטשטעלן; צו קיין אורעמיע פלעגט ניט דערגיין; דאָס אויסרוען אין בעט פלעגט אָפט געבן גוטע רעזולטאַטן.

געו אפט צו א גאנץ קאנטיקן פארשווינדן פון דער געשווילעכץ. ביי אפרו און בעסערער דערנערונג, פלעגט די פארשוואונדענע געשווילעכץ זיך מער ניט באוייזן; דאקעגן, ביי שווערער ארבעט און „נאר־מאלער" לאגער־דערנערונג, פלעגט די געשווילעכץ שנעל זיך ווייזן פונסניי.

אין די קאנצענטראציע־לאגערן, וועלכע איך האב דורכגעמאכט, האב איך באמערקט, אז די געשווילעכץ פלעגט זיך ספעציעל מאני־פעסטירן אויף די פיס. די מעדיצינער פון די קאנצענטראציע־לאגערן האבן געוואלט די דאזיקע דערשיינונג דערקלערן אלס רעזולטאט פון אומאויפהערלעכן שטיין אויף די פיס (פון צוועלף ביז פופצן שעה א טאג). ביי די פרימארגן ־ און אוונט־אפעלן און ביי דעם גאנצן ארבעטס־טאג האט מען געמוזט נאר שטיין, — פארן זעצן זיך פלעגט מען מערדערלעך געשלאגן ווערן פון די אויפזעער. אלנ־פאלס, איז די פראגע ווערט, אז מען זאל זי פארגלייכן מיט אבסער־וואציעס אין אנדערע געטאס און לאגערן.

## ה) סקאביעס (קרעץ)

זייער אן אפטע דערשיינונג איז געווען אין ווילנער געטא ס ק א ב י ע ס, וועלכע האט זיך געשפרייט נ ע ס ט נ ו וי ז. לכתחילה פלעגן באקומען סקאביעס די מיטגלידער פון איין משפחה, וועלכע פלעגן שלאפן אויף איין נארע און צודעקן זיך מיט דער זעלבער קאלדרע. שפעטער פלעגן אלע שכנים פון דער זעלבער וווינונג עס באקומען. אין די שולן האט סקאביעס זיך געשפרייט ב ע נ ק וו יי ז, און שפעטער ק ל א ס נ וו יי ז.

די טעטיקייט פון דער סאניטאר־עפידעמיאלאגישער סעקציע האט שנעל איבערגעריסן די קראנקייט, היילענדיק צ וו א נ ג ס מ ע ס י ק די אנגע־שטעקטע און זייערע משפחות מיט א דרייטאגיקער קוראציע פון ווילקינסאן זאלב (Ung. Vilkinsoni) די קראנקע און זייערע משפחות פלעגן צוואנגס־מעסיק געפירט ווערן אין באד, און אלע זייערע בגדים צוואנגסמעסיק דעזינפעק־צירט ווערן. שפעטער פלעגן זיי לאנגע וואכן אבסערווירט ווערן דורכן מעדי־ציניש פערסאנאל, צי ביי זיי באווייזן זיך ניט פאלן פון רעצידיוון. אין אזעלכע פאלן פלעגן זיי צוואנגסמעסיק ווידער דורכמאכן דיזעלבע קוראציע. ווען עס האט אויסגעפעלט אין געטא ווילקינסאן־זאלב, האט מען געהיילט דעם סקאביעס מיט איינרייבונגען פון Natr. hyposulf. 40/200 מיט Ac.hydroohl. conc. 4/200 און עס האט אויך געגעבן גוטע רעזולטאטן. ווען עס זיינען שוין אין געטא כמעט ניט געווען קיין סקאביעס־פאלן, פלעגן זיך פלוצלינג באוויזן נייע סקאביעס־קראנקע צווישן די צוריקגעקומענע פון די לאגערן און פון די וועלדער, ווי אויך פון די טארף־ארבעטן הינטער ווילנע.

אין די קאנצענט־אציע־לאגערן אין עסטלאנד און דייטשלאנד איז סקאביעס שנעל אויסגעהיילט געווארן מיט מיטיגאל. אין קאנ־

צענטראַציע־לאַגער קורעמע (אין עסטלאַנד) האָט דער דייטשער לאַגער־סאַניטאַר דערשאָסן אייניקע יונגע פרויען, קראַנקע אויף אַ קאָמפּליצירטער, שווער היילבאַ־ער סקאַביעס.

## ו) פורונקלען און הויט־אויסשיטונגען.

אַן אָפּטע דערשיינונג אין דער ערשטער תקופה פון געטאָ זיינען געווען די פורונקלען (געשווירן, „טשי־אַקעס"), וועלכע פלעגן זיך שטאַרק צעשפּרייטן אי־בערן קערפּער אַלס פורונקולאָזיס Furunculosis . עס האָט זיך אויך באַ־וויזן אַ גאַנצע ריי אַנדערע הויט־קראַנקייטן : אויסשיטונגען, פּיאָדערמיען אַלס רעזולטאַט פון ענגשאַפט, שמוץ און לאַנג ניט געביטן וועש.

מיטן גרינדן פון דער באָד אין געטאָ און מיטן קריגן זייף, האָט זיך די צאָל פורונקלען און הויט־קראַנקייטן באַדייטנדיק פאַרקלענערט. די מעדיצינישע קרייזן האָבן געהאַט דעם איינדרוק, אַז דאָס טרינקען די געטאָ־ב־וויטאַמין־פּרע־פּאַראַטן ב־ענגט גוטע רעזולטאַטן אין באַקעמפן פורונקלען.

אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן זיינען די פורונקלען און קאַר־בונקלען געווען אַ זייער אָפּטע דערשיינונג, וועלכע האָט געמאַ־טערט די לאַגער־מענטשן.

## ז) פּעדיקולאָזים (פאַרלייזיקונג)

אַ שווערע פּלאָג אין דער ערשטער צייט פון געטאָ איז געווען די פאַרליי־זיקונג וואָס האָט אָנגענומען די פאָרם פון אַ קראַנקייט. Pediculosis מענטשן זיינען געווען באַדעקט פון קאָפּ ביז די פיס מיט אינזעקטן. עס איז מיר באַקאַנט אַ פאַל, ווען מען האָט געבראַכט אין געטאָ־באָד אַ מענטשן, וועלכער איז געווען באַ־דעקט מיט לייז ווי אַ פאַנצער, אַזוי אַז עס האָט זיך קיין הויט ניט געזען. ווען ער האָט אַרויסגענומען פון זיינע קעשענעס פּאַפּירן און דאָקומענטן, זיינען לייז געקראָכן איבער די פּאַפּירן. חדשים־לאַנג האָט מען אים געפירט צוואַנגסמעסיק אין באָד און זיינע בגדים צוואַנגסמעסיק דעזינפעקציר־ט, ווייל ער איז געווען אַן „עקשנותדיקער רעצידיוויסט". ביי עלטערע און אָפּגעשוואַכטע מענטשן פלעגט די פאַרלייזיקונג אָנהאַלטן לענגער ווי ביי די יונגע. ביי אַ סך מענטשן פלעגט אַן עקשנותדיק אָנהאַלטנדיקע פאַרלייזיקונג זיין ווי אַן אָנזאָג פון אַן אָנקומענדיקער פולקומער אויסשעפּונג פון קערפּער. די פאַרלייזיקטע פלעגן ווערן אַפּאַטיש, געלבלעך, אַנעמיש, זייער הויט צעדראַפּעט, מיט וווּנדן און פּיאָדערמיען. די צוואַנגסמעסיקע אַנטלייזונג אין געטאָ האָט שנעל איבערגעריסן די דאָזיקע פּלאָג (ווען קאַמף מיט דע־ פאַרלייזיקונג אין געטאָ זע אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען). דער מעדיצינישער קאַמף האָט אין געטאָ באַזייגט די פּלאָג פון לייז.

אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן פון וויוואַראַ, קורעמע און גאָלדפילד (אין עסטלאַנד) האָב איך ווידער אָנגעטראָפן מאַסן־דער־שיינונגען פון פאַרלייזיקונג, וואָס האָט געבראַכט צו פלעק־טיפוס־עפּידעמיעס.

אין לאגער דאוטמערגן (דרום־דייטשלאנד) איז לאנגע מאנאטן ניט געווען קיין אנטלויזונגס־אנשטאלט, און אלע, אן אויסנאם, זיינען געווען פארלייזיקט, ממש צעפרעסן פון לייז. א גרופע דאק־טוירים, האבן מיר אמאל געמאכט א „וויסנשאפטלעכן" עקספערי־מענט איבער זיך אליין: וויפיל קאנען מיר אראפנעמען פון זיך אינזעקטן אין א שעה? מיר האבן יעדער איינער אויפגעציילט אויף זיך אין משך פון א שעה איבער זעקס הונדערט לייז, און דאך זיינען מיר ווייט ניט געבליבן לייזן־לאז נאך דער דאזיקער עפעראציע.

די דאזיקע פארלייזיקונג האט אין דאוטמערגן ארויסגערופן א שטארקע אנעמיזאציע, נערוואזיטעט, פארלוסט פון לעבנס־ענערגיע און לעבנסווילן, און דאס איז געווען, צוזאמען מיט דער דיזענ־טעריע און דאס געשלאגן־ווערן, א גורם פון אן אומנארמאלער גרוי־סער שטערבלעכקייט. אין יעדער פרייער מינוט פלעגן די מענטשן זיך אנטלויזן, און אין די נעכט, אויף אנגעברענטע בלעכענע רערן אויסדעזינפעקצירן די פארלייזיקטע העמדער.

## ח) טובערקולאז.

אין געטא האבן זיך אנגעהויבן ווייזן סימנים פון וואקסנדיקער טובערקולאז, ספעציעל ביי די קינדער. לויט די רענטגען־דורכלייכטונגען, געמאכט פון שול־מעדיצינישן צענטער אין געטא־ווילנע, זיינען ביי קרוב זיבעציק־אכציק פראצענט קינדער די פערי־בראנכיאלע דריזן געווען פארגרעסערט. די פירקעט־רעאקציע איז געווען שטארק פאזיטיוו ביי קינדער אין גאר יונגען עלטער. די לעצטע מאנאטן פון געטא האבן זיך באוויזן ביי די קינדער מערערע פאלן פון „עריטעמא נאדאזום" (Erythema nodosum) ווי אויך טובערקולאזע אינפילטראטן אין די לונגען. קיין מאסן־כאראקטער האט די טובערקולאז נ י ט באוויזן אנצו־נעמען אין געטא.

אין די קאנצענטראציע־לאגערן האט זיך טובערקולאז פון די לונגען מאניפעסטירט ביי די ארישע „העפטלינגע" — אין פארגלייך מיט די יידישע — באדייטנדיק אפטער און אין שארפערע, טויט־ברענגענדיקע פארמען.

לויט ידיעות, וואס מיר האבן געהאט פון געראטעוועטע פון ווארשעווער געטא, איז דארטן געווען זייער א גרויסע צאל טובער־קולאז־קראנקע, נאך דער תקופה פון פלעק־טיפוס עפידעמיע.

## ט) אלגעמיינע קערפער־שוואכקייט. "A. K.S."

אין דער ערשטער תקופה פון געטא האט זיך מיט אמאל באוויזן ביי א סך עלטערע מענטשן א דערשיינונג פון פלוצימדיקער אפשוואכונג פון קערפער, א געפיל פון „אויסגיין פון די כוחות" און אן אויסגעמאגערטקייט, וואס האט שנעל פראגרעסירט און געבראכט צו אפטע טויטפאלן. מען האט דאס דאן דערקלערט

אַלס פּראָדוקט פון די שווערע איבערלעבענישן און אונטער־דערנערונג, וועלכער מאַניפעסטירט זיך מיט שווערע רעזולטאַטן, ספּעציעל ביי מענטשן מיט אַ קלענע־רער פיזישער ווידערשטאַנדס־פעאיקייט. דער עולם אין געטאָ פלעגט עס אָנ־רופן פשוט: „לאַנגזאַמער הונגער־טויט“.

מיטן פאַרבעסערן פון די לעבנס־באַדינגונגען אין געטאָ און מיטן איינשטעלן הילף פאַר נויטבאַדערפטיקע — איז די דאָזיקע דערשיינונג אינגאַנצן פאַרשוווּנדן.

אין אַ שאַרפער מאַסן־פאָרם האָב איך געזען די דער־שיינונג פון אַלגעמיינער קערפּער־שוואַכקייט אין די קאָנצענטראַ־ציע־לאַגערן אין עסטלאַנד און אין דייטשלאַנד. זי איז געווען אַזוי כאַראַקטעריסטיש, פּאָפּולער און בולט, און איר פּראָגנאָז איז גע־ווען אַזוי קלאָר ביי די לאַגער־באַדינגונגען, אַז די דאָזיקע דער־שיינונג איז ביי די אָפיציעלע דאָקטוירים אין די קאָנצענטראַציע־לאַגער־ן, (ביי די סטאַטיסטיקן), ניט פאַררעכנט געוואָרן אַלס פּועל־יוצא פון פאַרשיידענע סיבות, ווי: הונגער, אַרבעט, אויס־שעפּונג — נאָר זי האָט אין אַלע באַריכטן פיגורירט אַלס זעלבסטשטענדיקע דיאַגנאָסטישע קראַנקייט־איינ־הייט אונטערן נאָמען: „אַ. ק. ש.“ — „אַלגעמיינע קערפּער־שוואַכע“, — און דער אָפּגעשוואַכטער פלעגט זיך רופן: „אַ. ק. ש.־ניק“. דער עולם פלעגט די דאָזיקע אָפּגעשוואַכטע אָנרופן מיטן נאָמען „מוסולמענער“. דעם דאָזיקן טערמין האָב איך געהערט אין אַלע קאָנצענטראַציע־לאַגער־ן, און דערביי האָט מען געגעבן צוויי דערקלערונגען פאַר דער עטימאָלאָגיע פון דעם דאָזיקן טערמין:

1) זיי רופן זיך אָן "מוסולמענער", ווייל אָפּגעשוואַכטערהייט פילן זיי אַ שטענדיקן געפיל פון קעלט, שלעפּן אויף זיך זייערע קאָלדרעס, ווי אַראַבער זייערע אַבאַיעס, און מאַכן דעם איינד־רוק פון מוסולמענער, וואָס טרייסלען זיך ביי דער תפילה.
2) אַ מוסולמאַן איז אַ מאַן, וואָס מוז שטאַרבן, ווייל ער האָט שוין ניט קיין לעבנס־כוח און ווידערשטאַנד אין זיך: ער איז אַ מענטש, אַ פאַרלוירענער.

אין די לאַגערן האָבן אָפּט עקזיסטירט ספּעציעלע באַראַקן, בלאָקן אָדער קאָמאַנדאָס פון „מוסולמענער“, (אָדער אַ. ק. ש. ניקעס). פון צייט צו צייט פלעגן פאָרקומען טראַנספּאָרטן פון מוסולמענער, ד. ה. אַרויספירונגען פון די אָפּגעשוואַכטע קיין בערגען־בעלזען אָדער סתם אין אַ קרעמאַטאָריום.

אַ „מוסולמאַן“ פלעגט זיך כאַראַקטעריזירן מיט אָפּהענגענדיקער טרוקענער הויט, איינגעפאַלענע אויגן, שפּיציקע נאָז, אויסשטייענ־דיקע ביינער פון די באַקן, נידעריקער היזעריקער שטים, זייער אָפּט מיט אַ וויינענדיקער און בעטלערישער אינטאָנאַציע. ביי די

„מוסולמענער“ פלעגט שטענדיק, פון זיך אליין, „רינען פון דער נאָז“. ביי די אפעלן פלעגן די „מוסולמענער“ קוים איינהאלטן זיך אויף די פיס, ביים קלענסטן שטופ פאלן ווי וואקס־ליאלקעס: שטענדיק באהערשט פון א דורשט, זייער גענייגט קראנק צו ווערן אויף דארם־שטערונגען און דיזענטעריע. זיי פלעגן אויסגיין שטיל ווי א ליכט, ביים פולן באוווסטזיין. אפט האסטו נאך אקארשט גערעדט מיטן מענטשן ווענן לויפנדיקע לאגער־פראגן, און אין א פאר מינוט ארום איז ער שוין טויט.

אין אנדערע לאגערן פלעגט מען די „מוסולמענער“ אנרופן מיטן נאָ־מען „ק א מ ע ל“ (ווייל ער טרייסלט זיך ווי א קעמל?)...

## י) הינערשע בלינדקייט. Haemeralopia

אין געטא האבן זיך באוויזן צאלרייכע פאלן פון „הינערשער בלינדקייט“, פון ניט קאנען אונטערשיידן — בין־השמשות — קיין געשטאלטן און פארבן — אלס פראדוקט פון מאנגל אין וויטאמין „ד“.

אין די לאגערן האב איך אבסערווירט: די העמעראלאפיע פלעגט אויפטרעטן פלוצים ווי א דונער, ביי גרעסערע גרופן מענטשן. דער עולם פלעגט עס רופן: „א בלינדקייט־עפידעמיע“. עס זיינען געווען קליינע פארבעסערונגען אין שפייז, דער עיקר אין הינזיכט פון פעטס, אז די העמעראלאפיע זאל טיילווייז אדער אינגאנצן פאר־שווינדן.

## יא) די פארגרעסערטע שילדריזע — סטרומא.

אן אויסערסט כאראקטעריסטיש פאטאלאגישע דערשיינונג אין געטא איז געווען די עפידעמישע קינדער־סטרומא, וואס ווענן איר וועט אין די וייטערדיקע קאפיטלען גענויער באהאנדלט ווערן. אויך ביי דערוואקסענע, ספעציעל ביי פרויען האבן זיך באוויזן מערערע פאלן פון סטרומא. (Struma)

עס איז כדאי צו פארנאטירן, אז אין געטא איז באמערקט געווארן א באדייטנדיקע צאל פארגרעסערטע שפייז־דריזן.

דער אטאלארינקאלאג ד״ר וואלקאוויסקי האט דערקלערט די סיבה פון דער גרויסער צאל פארגרעסערטע שפייז־דריזן אויף אט דעם אופן: צוליב דעם מאנאטאנעם עסן קומט פאר א היפערפראדוקציע פון שפייעכץ, וואס ברענגט צו א פארשטאפונג אין די קאנאלן פון די שפייז־דריזן; עס שאפן זיך שפייעכץ־שטיינער און א פארהאלטונג אין דער אויסערלעכער אויסטיילונג. עס קומט אויך אפט פאר א היפערפלאזיע פון עצם שפייז־דריז.

אין די קאנצענטראציע־לאגערן האב איך ניט באמערקט קיין סטרו־מא ביי די קינדער און דערוואקסענע. דאקעגן האבן זיך געלאזט מערקן אפטע פארגרעסערטע שפייז־דריזן, וועלכע האבן נאך אנ־געהאלטן אייניקע חדשים נ א ך דער באפרייונג.

## יב) אינפעקציעזע קראַנקייטן.

אין דער ערשטער תקופה פון ווילנער געטאָ האָבן זיך באַוויזן מערערע פאַלן פון פלעק־טיפוס, בויך־טיפוס און פּאַראַ־טיפוס „ב". אַ דאַנק דער זייער ענערגי־שער און דיקטאַטאָרישער האַנדלונג פון דער סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישער אָפּ־טיילונג און מיטהילף פון אַלע איבעריקע אינסטיטוציעס אין געטאָ, זיינען די קראַנקייטן איבערגעריסן געוואָרן אין וואָרצל, ברענגענדיק נאָר איינצעלנע טויט־פאַלן.

מאָזלען, סקאַרלאַטין האָבן ביי די קינדער אין געטאָ געהאַט אַ לייכטן פאַר־לויף. דער דיפטעריט, וואָס איז אויסגעבראָכן, איז איבערגעריסן געוואָרן אַ דאַנק די מאַסן אַנטי־דיפטעריט־איינשפּריצונגען ביי די קינדער (וועגן קאַמף מיט די אינפעקציעזע קראַנקייטן זע אויך אין די ווייטע־דיקע קאַפּיטלעך).

ווי עס האָבן דערציילט די שליחים פון וואַרשעווער געטאָ, האָט דאָרט גע־הערשט אַ שטאַרקע פלעק־טיפוס־עפּידעמיע, וואָס האָט געבראַכט אַ זייער גרויסע צאָל פון טויט־פאַלן.

אין די קאָנצענטראַציע־לאַגער־ן איז פלעק־טיפוס געווען אָן אָפּטער גאַסט, מיט גרויסער שטערבלעכקייט. ביי די יידן איז די שטערבלעכקייט פון פלעק־טיפוס געווען באַדייטנדיק קלענער, איידער ביי די אַריער פון פאַרשיידענע פעלקער, טראָץ די ערגערע באַדינגונגען, אין וועלכע די יידן האָבן זיך געפונען אין די לאַגערן. עס איז כדאי צו באַמערקן ,אַז וואָס עס איז שייך דער שטערבלעכ־קייט פון פלעק־טיפוס ביי יידן אין די לאַגערן, איז זי ביי די מענער געווען באַדייטנדיק גרעסער ווי ביי די פרויען. בכלל איז דאָס קראַנק ווערן און די נאַטירלעכע שטערבלעכקייט פון פאַרשיידענע קראַנקייטן, געווען ביי די פרויען אַ סך קלענער ווי ביי די מענער (מעגלעך דערפאַר, וואָס די פרוי האָט זיך בעסער אַן עצה געגעבן אין פראַגן פון ריינקייט פון איר וועש, ווי אויך אין אָפּקאָכן זיך עפּעס צום עסן ביי די שווערע לאַגער־באַדינגונגען).

דער פלעק־טיפוס איז אין די לאַגערן דערשינען זייער אָפט אָן די כאַראַקטעריסטישע פלעקן. דעם דיאַגנאָז פלעגט מען שטעלן אין איינצלנע פאַלן, ווו עס זיינען געווען מעגלעכקייטן דערצו, אַ דאַנק „וייל־פעליקס" פּאָזיטיווער רעאַקציע. אין די מערהייט פאַלן אָבער, נאָר אויפן סמך פון אידענטישן פאַרלויף פון דער קראַנקייט מיט הויכער טעמפּעראַטור און פסיכאָזן ביי אַ סך קראַנקע, צווישן וועל־כע נאָר אַ טייל האָט געהאַט די כאַראַקטעריסטישע פלעקן.

דעם דיאַגנאָז פלעגט מען שטעלן אויפן סמך פון כאַראַקטעריסטי־

שער הויט־רעאַקציע ביים אָנדריקן די קאַפּילאַרע בלוט־געפעסן פון האַנט אָדער פון פּלייצע ; אויפן סמך פון כאַראַקטעריסטישע סימנים פון צונג, ווי אויך אַ דאַנק דער טענדענץ פון חולה צו ליגן ניט אין דער לענג פון בעט, נאָר אין דער ברייט (אַ זייער אָפט באַמערקטע דערשיינונג אין די עסטאָנישע לאַגערן). אַלס אַן אָפּטע קאָמפּליקאַציע פון דעם פלעק־טיפוס אין די לאַגערן, זיינען געווען גאַנגרענעס אויף די פיס, שטאַרקע פּסיכאָזן — און אין פאַל פון אויסהיילן זיך — מאָנאַטלאַנג דויערנדיקע פיס־געשווילעכצן און פאַרשנעלערטער פּולס.

פאַר די יידישע דאָקטוירים, וואָס שטאַמען פון פּוילן, וווּ מען טרעפט אָן פּאַראַ־טיפוס B און כמעט קיינמאָל ניט פּאַראַ־טיפוס A, איז געווען אַ נייעס צו טרעפן אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן ביידע טיפן פון פּאַראַ־טיפוס (פעסטגעשטעלט דורך באַקטעריאָלאָגישע אַנאַליזן ביי פאַרשיידענע לעגאַלע און אומלעגאַלע געלעגנהייטן). אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין עסטלאַנד און דייטשלאַנד ,וועלכע איך האָב דורכגעמאַכט, האָט מען ניט געמאַכט די „העפּטלינגע" קיין שום איינשפּריצונגען, ניט קעגן בויך און פּאַראַ־טיפוס, ווי אויך ניט קעגן פלעק־טיפוס. פאַרקערט די דייטשע אויפזעער, פלעגן מוזן פּעריאָדיש דורכמאַכן איינשפּריצונגען קעגן בויך־טיפוס, פּאַראַ־טיפוס, דיזענטעריע און כאָלערע, ווי אויך קעגן פלעק־טיפוס. די איינשפּריצונגען פלעגן ביי זיי איינגעטראָגן ווערן אין ספּעציעלע ביכלעך.



געזונטהייט-אמט
געטא-ווילנע
געטא-שפיטאל
געטא-אמבולאטאריע
"פאלקס-געזונט"
דאקטוירים פאריין
געטא-אפטייק
בית-עולם-אפט.
כעמישע לאבאראטאריע
וויטאמינען לאבאראט.
וויטאמינען פונקט
מילך-פונקט
סאניטאר-עפידעמיאלאגישע אפט.
שול-מעד.-צענטער
קינדער-אויפזיכט
אויפזיכט איבער פאך-אנשטאלטן
אויפזיכט איבער דערציונגס-אנשטאלטן
הייל-אנשטאלט
סאניטאר-היגיענישער אנשטאלט
לערן-און דערציונגס-אנשטאלט
פאך-אנשטאלט
אפראווידיזאציע
געזעלש.-קולטורעלע אינ.
מעדיציניש-סאניטארע אנשטאלטן
אין געטא ווילנע — 1943 - 1941

IV.

# סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישע אָפּטיילונג אין געטאָ

## א) אַכטונג! „זויכע־געפאַר“.

אויף די טויערן פון געטאָ האָט די דייטשע מאַכט אויפגעהאָנגען אַ גרויסע אויפשריפט: „אַ כ ט ו נ ג, ז ו י כ ע ־ ג ע פ אַ ר, איינטריט פאַר ניט־יידן שטרענג פאַרבאָטן!“

די יידישע דאָקטוירים האָבן פאַרשטאַנען, אַז אַן אויסברוך פון אַ ווירקלעכער עפּידעמיע קאָן פאַרשנעלער׳ן דעם אומקום פון געטאָ, און אַז דער קאַמף פאַר פאַרהיטן דעם געטאָ פון עפּידעמיעס איז אַ קאַמף אויף געווינען צייט און פאַרלענגערן ביזן מעגלעכן מאַקסימום די טעג פון געטאָ. גלייך אין די ערשטע טעג פון געטאָ איז צוזאַמענגערופן געוואָרן אויפן הויף סטראַשונא 6, אַ באַראַטונג פון די יידישע דאָקטוירים, ווי צו פאַרבעסערן די סאַניטאַרע באַדינגונגען אין געטאָ־לעבן. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישע אָפּטיילונג, וואָס האָט זיך געשטעלט אַלס איר הויפּט־אויפגאַבע אַריינצוברענגען אין די טרויעריקע געטאָ־באַדינגונגען היגיענע און סאַניטאַריע, באַקעמפן און פאַרהיטן דעם געטאָ פון אָנשטעקנדיקע קראַנקייטן.

קאַמף קעגן שמוץ אין די הויפן און הייזער (סכנה פאַר בויך־טיפוס און דיזענטעריע), קאַמף קעגן לייז (סכנה פאַר פלעק־טיפוס), קאַמף קעגן קרעץ, דיפטעריט און אַנדערע אָנשטעקנדיקע קראַנקייטן, — דאָס זיינען געווען די לאָזונגען פון דער סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג. מען האָט אין ווילנער געטאָ זייער גוט געוווּסט, אַז אין קאָוונער געטאָ האָבן די דייטשן פאַרברענט אַ שפּיטאָל מיט יידן, אונטער דעם אויסרייד, אַז דאָרטן זיינען געווען פאַלן פון דער שווערער אומהיילבאַרער קראַנקייט — לעפּרא (צרעת).

בראש פון דער אָפּטיילונג איז געשטאַנען ד״ר לאַזאַר ע פּ ש ט יי ן פון קאָוונע, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן אַ סך איניציאַטיוו און עקשנות אין דער אַרבעט. אין דער אָפּטיילונג האָבן געאַרבעט (אַנדערע סטאַביל און אַנדערע אין געוויסע פּעריאָדן): ד״ר אימעניטאָוואַ, ד״ר גאָלדבורט, ד״ר בערנשטיין, ד״ר גליקסבערג, ד״ר זייידלער, ד״ר עפּשטיין עמנואל, ד״ר קאַלאָדנער, ד״ר קאָסטשענעווסקי, ד״ר סמושקאָוויטש און דער שרייבער פון די שורות. אין דער סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג איז געווען טעטיק אַ גרעסערע צאָל יידישע קראַנקן־שוועסטער.

## ב) סאַניטאַרע ראַיאָן־דאָקטוירים און שוועסטער.

דער געטאָ איז צעטיילט געוואָרן אין ראַיאָנען. יעדער ראַיאָן איז געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון אַ סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישן דאָקטער און איינציקע שוועסטער, וועלכע פלעגן אַ גאַנצן טאָג גיין פון דירה צו דירה, פון צימער צו צימער, דערמאָנענען און אַפּעלירן: אויסצוקערן די צימער־ן, לופטערן דאָס בעטגעוואַנט, וואַשן טעלער און טעפּ, וואַשן די דילן, אַראָפּנעמען שפּינוועבס פון די בילדער און ווענט; זיי פלעגן געבן אָנווייזונגען, ווי אַזוי צו קעמפן מיט די וואַנצן, אַכטונג צו געבן אויף דער היגיענע אין די הויפן; זיי פלעגן געבן פאַראָרדנונגען די הויף־וועכטער, ווי צו האַלטן די ריינקייט אין די קלאָזעטן און די אָרדנונג פון די מיסטקאַסטנס, רעגולירן דאָס שיקן אין באָד און דעזינפעקציע, פירן די רשימות פון די פאַרלייזיקטע און פאַרקרעצטע, וואָס נויטיקן זיך אין ספּעציעלער אויפמערקזאַמקייט און קאָנטראָל.

## ג) סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישע „אַפּעלן".

יעדן אָוונט, אָפטמאָל אויך פרימאָרגן, פלעגן זיך צונויפקלייבן אַלע סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישע דאָקטוירים און שוועסטערס צום אַלגעמיינעם אַפּעל. דערביי פלעגן די דאָקטוירים אָפּגעבן באַריכטן וועגן די באַזוכטע דירות און הויפן, דאָס וואָס איז אויפגעטאָן געוואָרן און דאָס נייע, וואָס דאַרף נאָך אַריינגעפירט ווער־ן.

## ד) קאַמף קעגן לייז, סאַניטאַרער דורכלאָז־פונקט.

איינער פון די הויפּט־פאַרדינסטן פון דער סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג איז געווען דאָס געלונגענע באַקעמפן פון דער לייז־פּלאָג, און דאָס פאַרהיטן די געטאָ־באַפעלקערונג פון דער פלעק־טיפוס־עפּידעמיע.

לויט דער איניציאַטיוו פון דער סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג איז אויפגעבויט געוואָרן, מיט דער מיטהילף פון אינזשענער מאַרקוס, לייטער פון די טעכנישע געטאָ־וואַרשטאַטן — אַ גרויסער סאַניטאַרער דורכלאָז־פונקט (באָד און דעזינסעקציע), אויף רודניצקאַ 6 (הויף פון די יידן־ראַט־אַנשטאַלטן), און שפּעטער אויך אַ צווייטער, אויף סטראַשון גאַס 6. דער סאַניטאַרער דורכלאָז־פונקט איז באַשטאַנען פון:

1) אַ צימער ,אין וועלכן מען פלעגט אויסטאָן די שמוציקע זאַכן,

2) אַ דעזינסעקציע־קאַמער,

3) אַ באָד־צימער מיט שפּריצן,

4) אַ ריין צימער, ווו די אויסגעבאָדענע פלעגן באַקומען צוריק זייערע דעזינסעקטירטע זאַכן.

פון פרימאָרגן ביז שפּעט בייַנאַכט פלעגן גיין פּאַרטיעס ייִדן, צו 22 מאַן אין אַ פּאַרטיע, צו דעם סאַניטאַרן דורכלאָז־פּונקט. דאָס אויסבאָדן זיך און דורכמאַכן די דעזינסעקציע פלעגט דויערן פאַר יעדער פּאַרטיע איין שעה.

דאָס באַזוכן דעם סאַניטאַרן דורכלאָז־פּונקט איז געווען אַ צוואַנג־זאַך מצד דער סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג. יעדער ייִד האָט באַזיצט אַ קאַרטע, אויף וועלכער עס איז געשטעמפּלט געוואָרן אַ ספּעציעלער שטעמפּל יעדעס מאָל פון דורכגיין די דעזינסעקציע. מינימום האָט יעדער איינער געמוזט באַזוכן איין מאָל אין חודש דעם סאַניטאַרן דורכלאָז־פּונקט. אָן אַ שטעמפּל פון סאַניטאַרן דורכלאָז־פּונקט פלעגט קיינער אין געטאָ נים קאָנען באַקומען זיין חודשלעכע פּראָדוקטן־קאַרטע. מיטן אויפבוי פון די סאַניטאַרע דורכלאָז־פּונקטן, האָבן די לייז אָנגעהויבן גיך צו פאַרשווינדן אין געטאָ, און די עפּידעמיע פון פלעק־טיפוס, וועלכע האָט זיך שוין געהאַט באַוויזן, איז איבערגעריסן געוואָרן אין איר אָנהייב.

## ה) לייז־נעסטן.

אָפּגעשוואַכטע, אַפּאַטישע, עלטערע, עלנטע און קראַנקלעכע פּערזאָנען, האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט ווידערשפּעניקע לייז־נעסטן, אַ לאַנגע צייט, נאָכדעם ווי די מע־הייט פון געטאָ איז שוין געווען לייז־ריין. זיי פלעגן געשיקט ווערן צוואַנגסמעסיק יעדעס וואָך, אומזיסט אין די סאַניטאַרע דורכלאָז־פּונקטן. די קראַנקן־שוועסטערס פלעגן אויספּאַקן זייערע אַלע בגדים און וועש אין פּעק און טראָגן עס צו דער דעזינסעקציע, ניט פאַרלאָזנדיק זיך דערויף, אַז זיי זאָלן דאָס אַליין טאָן.

## ו) דער משפּט איבער דער געטאָ־לויז.

בכדי צו פאַראינטערעסירן דעם געטאָ־עולם אין קאַמף קעגן די לייז און אויפקלערן די סכנה פון פלעק־טיפוס, איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין גרויסן געטאָזאַל, רודניצקא 6, „אַן עפנטלעכער משפּט איבער דער לויז", וועגן וואָס עס איז פּלאַקאַטירט געוואָרן אין אַלע געסלעך פון געטאָ.

ד"ר לאַזאַר עפּשטיין האָט אַלס פּראָקוראָר באַשולדיקט די לויז, אַז זי פּייניקט די געטאָ־איינוווינער, ציט אַרויס זייער בלוט, און וויל ברענגען צום טויט דורך אירע עפּידעמיע־מעגלעכקייטן.

ד"ר פּאָשטשער אַלס פאַרטיידיקער האָט געבעטן רחמנות אויף דער לויז, ווייל זי איז נישט שולדיק, וואָס זי זויגט בלוט: אַזוי איז איר ביאָלאָגישע אייגנשאַפט, — נאָר שולדיק זיינען די באַדינגונגען, וועלכע דערלויבן די לייז זיך צו אַנטוויקלען.

דער שרייבער פון די שורות האָט אין דער ראָל פון אַן עקספּערט דערקלערט דעם עולם, ווי אַזוי די לייז ברענגען די פלעק־טיפוס־עפּידעמיע און מיט וואָס עס

האָט דעם געטאָ. די ריכטער האָבן אַרויסגעטראָגן זייער אורטייל, אַז די לויז מוז פאַרברענט ווערן אין דער דעזינסעקציע־קאַמער און מוז פאַרשווינדן פון געטאָ, צוזאַמען מיט די באַדינגונגען, וועלכע האָבן זי געבראַכט . . .

ז) פּריזירייען.

אין געטאָ זיינען געווען איניקע שער־אַנשטאַלטן. זיי זיינען געשטאַנען אונטער דעם טעגלעכן קאָנטראָל פון דער סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג. אַ ספּעציעלע קינדער־שערעריי איז געווען ביי דער סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג, וווהין עס פלעגן געשיקט ווערן דורכן שול־מעדיצינישן צענטער די קינדער צו אומזיסטער און אָבליגאַטאָ־רישער האָר־שערונג.

אין די לעצטע מאָנאַטן פון געטאָ, ווען מען האָט געוואַרט אויף דער ליק־ווידאַציע, האָט מען אויפגעהערט מקפּיד צו זיין אויף דער האָר־שערונג, בכדי אין פאַל פון אַנטלויפן פון געטאָ זאָל מען לויט דעם געטאָ־געשוירענעם קאָפּ ניט דערקענען, אַז דאָס איז אַ געטאָ־קינד.

ח) פּאָפּולערע לעקציעס.

די סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישע אָפּטיילונג פלעגט אָפּט איינאָרדנען לעקציעס אין געטאָ־זאַל, ווי אויך אין די פאַרשיידענע אַרבעטס־איינהייטן ווי אַזוי זיך צו פאַרהיטן פון פאַרשיידענע דראָענדיקע אַנשטעקנדיקע קראַנקייטן (בויך־טי־פוס, פלעק־טיפוס, דיזענטעריע, דיפטעריט און אַ. וו.).

ט) אַנטי־סקאַביעס־פּונקט.

אויף שפּיטאָל־גאַס האָט זיך געפונען אַ פּונקט, וווּ אונטער דער אויפזיכט פון אַ דאָקטאָר פלעגן די סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישע שוועסטער־ס דורכפירן איינ־רייבונגען פון אַנטי־סקאַביעס־מיטלען ביי גרופּן קראַנקע, און נאָכן פאַרענדיקן די קוראַציע פירן די געהיילטע אין באָד און אויף דעזינפעקציע.

ט) אַנטי־ט. ב. צ.־פּונקט.

אויף רודניצקא 19 האָט זיך געפונען אַ פּונקט, צו וועלכן עס פלעגן זיך ווענדן קראַנקע אויף טובערקולאָז, באַקומען קאַלך איינשפּריצונגען, און ווו מען פלעגט זיי פאַרזען מיט רענטגען־דורכלויכטונגען, פּנוימאָטאָראַקס, טובערקולין־פּראָבן פאַר קינדער.

דער לייטער איז געווען דער דר. וו. פּאָטשטער.

יא) אַנטי־וואַנצן־בריגאַדע.

בכדי צו באַקעמפן די וואַנצן, וועלכע זיינען זומער־צייט געווען אַ שווערע פּלאָג פאַרן געטאָ, איז געשאַפן געוואָרן אַ בריגאַדע פון שוועסטער און דעזינ־

פעקטאָרן, וועלכע פלעגן דורכפירן די וואַנצן־פאַרניכטונג אין די הייזער און דערנאָך אָפּט קאַלכן די ווענט.

יב) דעזינפעקציע־קאַמערן.

ביי דער סאַנ.־עפּיד.־אָפּטיילונג האָט עקזיסטירט אַ דעזינפעקציע־קאַמער, וווהין עס פלעגן אָפּגעשיקט ווערן אַלע זאַכן פון די איינוווינער פון אַ וווינונג, ווו עס האָט געטראָפן אַ פאַל פון אַן אַנשטעקנדיקער קראַנקייט.

יג) וועשערייען.

ביים געטאָ־שפּיטאָל האָט עקזיסטירט אַ וועשעריי, ווו עס פלעגט געוואַשן ווערן נאָכן דורכגיין די דעזינפעקציע־קאַמערן, דאָס וועש פון די קראַנקע און זייערע משפּחות. שפּעטער איז די וועשעריי אויסגעברייטערט געוואָרן, אַזוי, אַז אַ י ע ד ע ר געטאָ־איינוווינער האָט געהאַט דאָס רעכט צו וואַשן 5 קילאָ וועש איין מאָל אין חודש לויט דער ריי. די לייטערין פון דער וועשעריי איז געווען ד"ר נעמי גאָרדאָן. שפּעטער, איז צוגעקומען אין געטאָ אַ צווייטע גרויסע וועשעריי, ווו עס פלעגן געוואַשן ווע־ן די זאַכן פון די דייטשע זעלנער, געפאַלענע אויפן פראָנט. בראש פון דער דאָזיקער וועשעריי איז געשטאַנען פּינטשוק, וועלכער איז געווען דער ווירטשאַפטלעכער לייטער פון געזונטהייטס־אָפּטיילונג.

יד) דאָס אַרויספירן דאָס מיסט.

בכדי צו פאַרהיטן דעם געטאָ פון דער דראָענדיקער געפאַר, וואָס האָבן מיט זיך געטראָגן די וואַקסנדיקע בערג מיסט, האָט די סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישע אָפּטיילונג אָנגעהויבן אַ מאַסן־אַקציע פון אַרויספירן דאָס מיסט אויסערן געטאָ אויף פורלעך פון פויערים פון דער אַרומיקער אומגעגנט, וועלכע פלעגן האָנאָרירט ווערן פאַר זייער אַרבעט מיטן קאָנען באַנוצן זיך מיטן אַרויסגעפירטן מיסט און קאַרטאָפל־שאָלעכץ (צו באַמיסטיקן די פעלדער און געבן עסן די בהמות). ביים אַרויספירן די ט ו י ז נ ס ט ע מיסט־פור פון געטאָ, האָט די סאַ־ניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישע אָפּטיילונג איינגעאָרדנט אַ פייערלעכן אַפּעל אונטערן נאָמען: „ט ו י ז נ ט פ ו ר ן מ י ס ט"! אויף דער וואַנט פון דער סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג איז אויפגעהאָנגען געוואָרן אַ פּלאַקאַט, אויף וועלכן עס זיינען געווען געמאָלט אומענדלעכע שורות פון פורן, וואָס גייען פון געטאָ באַלאָדן מיט מיסט . . .

טו) די הויז־וועכטער אין געטאָ.

בכדי אויף די הויפן פון געטאָ זאָל הערשן אַ שטענדיקע ריינקייט סיי אויף די הויפן גופא, סיי אויף די טרעפּ, סיי אין די קלאָזעטן און מיסטקאַסטנס, — אַזוי, אַז ביי אַ דייטשער קאָמיסיע זאָלן צוליב דער אַנטי־סאַניטאַרישקייט אין געטאָ ניט אַנטשטייען קיין אומבאַקוועמלעכקייטן, זיינען באַשטימט געוואָרן פאַר

יעדן הויף הויף־וועכטער, וועלכע האָבן פאַר זייער אַרבעט געהאַט אַ לעבנס־שיין. זיי זיינען אַלע געווען אונטער דער אויפזיכט פון דער סאַניטאַר־עפּי־דעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג, וואָס אירע דאָקטוירים פלעגן יעדן טאָג נאָכן באַזוכן די הויפן, אַריינשרייבן אין די „הויף־וועכטער־ביכעלעך" זייערע באַמערקונגען און דעזידעראַטן. פאַר ניט־האַלטן־ריין דעם הויף ,האָט דער הויף־וועכטער גע־קאָנט פאַרלירן זיין לעבנס־שיין.

## טז) צימער־רוימערינס־בריגאַדע.

בכדי עס זאָל זיין ריין אין אַלע אָפיציעלע אַנשטאַלט־צימערן פון דער געטאָ־פאַרוואַלטונג און אירע אָפּטיילונגען ,איז באַשטימט געוואָרן אַ בריגאַדע פון צימער־רוימערינס, וועלכע פלעגט יעדן טאָג וואַשן די פאָדלאָגעס פון די אַנשטאַלטן און ברענגען זיי אין אַ מוסטערהאַפטער אָרדנונג. די צימער רוימערינס האָבן זיך הויפּטזעכלעך רעקרוטירט פון פרויען פון געוועזענע געזעלשאַפטלעכע טוער אין ווילנע, וואָס האָבן פאַרלוירן זייערע מענער און זייער שוץ. אַרבעטנדיק אַלס צימער־רוימערינס, האָבן די פרויען געהאַט די מעג־לעכקייט צו באַזיצן אַ לעבנס־שיין.

## יז) אימפּונגען קעגן בויך־טיפוס.

בכדי צו פאַרהיטן דעם געטאָ פון אַ בויך־טיפוס־עפּידעמיע און אירע קרובהשע קראַנקייטן, זיינען דורכגעפירט געוואָרן דורך דער סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג איינשפּריצונגען קעגן בויך־טיפוס, פּאַראַ־טיפוס, דיזענטעריע און כאָלערע („טעטרא"). צוואַנגסמעסיק זיינען געאימפט געוואָרן אַלע אָנגעשטעלטע פון די געטאָ־קיכן, שפּייז־קראָמען, לערערשאַפט און מעדי־ציניש ער פערסאָנאַל. די אימפּונגען פלעגן פאָרקומען אין אַ ספּעציעלן אימ־פונגס־פונקט. דער מאַטעריאַל פאַר די אימפּונגען איז צוגעשיקט געווען דורך די דייטשן (ניט האָבנדיק קיין צוטרוי צו דעם מאַטעריאַל ,האָט מען פריער געאימפט אין געטאָ די הינט און אַנדערע בעלי־חיים, בכדי צו זען צו דער מאַ־טעריאַל איז ניט גיפטיק).

## יח) טשאַינעס.

בכדי צו געבן אַ מעגלעכקייט די יידן, וואָס גייען צו דער אַרבעט, צו האָבן פרימאָרגנס און אין אָוונט פאַרטיק געקאָכטע וואַסער, זיינען געעפנט געוואָרן אין אַלע ראַיאָנען פון געטאָ טשאַינעס, ד. ה. טיי־הייזער, ווו דער עולם האָט אַ גאַנצן טאָג געקאָנט קויפן געקאָכט וואַסער פאַר אַ מינימום־פּרייז (פון צען קאָפּיקעס ביז אַ רובל, אין דער צייט, ווען אַ קילאָ ברויט האָט געקאָסט אַן ערך פופציק רובל).

## יט) געטאָ־קאַראַנטין.

ביים טויער פון געטאָ, רודניצקא 19, האָט זיך געפונען אַ קאַראַנטין, אונטער

דער אויפזיכט פון דער סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג, ווו עס פּלעגן זיך געפינען אויף אַ באַשטימטן טערמין, די יידן, וועלכע פּלעגן אָנקומען פון די אַרומיקע לאַגערן, ביי וועלכע עס איז געווען אַ פאַרדאַכט אויף פלעק־טיפוס אָדער אַנדערע אַנשטעקנדיקע קראַנקייטן. לייטערין איז געווען דר. אימעניטאָווא (די שוועסטער פון פּאַטי קרעמער).

## כ) בלומען־גערטלעך אין געטאָ

אין געטאָ איז געווען איינגאַנצן א יי ן  ב ו י ם, אויפן הויף פון רודניצקא 6, אויף אַ פּלעצל, ווו עס איז געווען אַמאָל אַ גערטנדל. אַרום דעם בוים פּלעגט די געטאָ־יוגנט גיין שפּאַצירן. די סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישע אָפּטיילונג איז אַרויס מיט דער איניציאַטיוו צו פאַרפלאַנצן קליינע בלומען־גערטנדלעך אויף רודניצקא 6, ווי אויך אויף אַ גאַנצע ריי אַנדערע הויפן פון ווילנער געטאָ. אַ בלומען־גערטנדל אין פאָרם פון אַ מגן־דוד איז פאַרפלאַנצט געוואָרן לעבן שול־מעדיציניש צענטער, ביי דעם טייל פון געטאָ־טויער, וואָס האָט אָפּגעטיילט די סטראַשון־גאַס (וואָס האָט זיך געפונען אין געטאָ) פון דער זאַוואַלנער גאַס (וועלכע האָט זיך געפונען אויסערן געטאָ.) די קינדער פלעגן זיך שפּילן ביי די גערטנדלעך און בגנבה אַראָפּגנבענען אַ בלום פאַר דער מאַמען.

## כא) סאַניטאַרע פּאָליציי

ביי דער געטאָ־פּאָליציי איז געווען אַ ספּעציעלע סאַניטאַרע אָפּטיילונג, וועלכע האָט אַכטונג געגעבן אויף דער אויסערלעכער ריינקייט פון די גאַסן, מויערן, פענסטער, רעגולירן די אַרויספירונגען פון שניי און פון גראָז. דאָס פּינקטלעכע אויספירן פון אירע פאַראָרדנונגען, פלעגט די סאַניטאַרע פּאָליציי אַרויפצווינגען מיט שווערע געלט־שטראָפן אָדער מיט זעצן אין געטאָ־תפיסה. בראש פון דער סאַניטאַרער געטאָ־פּאָליציי איז געשטאַנען דער ענערגישער און זייער שטרענגער רפאל אָ ס ט ע ר (פון קאָוונע). די סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישע אָפּטיילונג האָט דאַקעגן געהאַלטן, אַז די ריינקייט אין געטאָ דאַרף מען דורכפירן ניט דורך זעצן אין תפיסה, נאָר דורך אומאויפהערלעכער פּראָפּאַגאַנדע, אויפקלערונגען און דורך איבערצייגן די יידן אין דער וויכטיקייט פון דער זאַך, און אין דער סכנה, וואָס ליגט פאַרן געטאָ אין פאַל פון אַן עפּידעמיע.

## כב) די אָרגאַניזאַציע פון דער ריינקייטס־אויפזיכט

בכדי צו האָבן אַ סטאַבילע, פּרעציזע טאָג טעגלעכע אויפזיכט אויף דער ריינקייט אין געטאָ און אויפן באַלדיקן דורכפירן פון אַלע סאַניטאַרע פאַראָרדנונגען אין אַלע ווינקלען פון געטאָ — איז איינגעשטעלט געוואָרן אָט די „היעראַרכיע“.

יעדער צימער (20-10-8-4 איינוואוינער) האָט זיין פאַראַנטוואָרטלעכן; דאָס רוב אַ פרוי — צ י מ ע ר ק אָ מ ע נ ד אַ נ ט י ן.

איבער אַלע צימערן פון איין הויז (דירה) שטייט אַ ה ו י ז ק אָ מ ע נ ד אַ נ ט י ן.

איבער אַלע הויז־קאָמאַנדאַנטינס אין זעלבן הויף שטייט די ה ו י ף־ק אָ מ אַ נ ד אַ נ ט י ן.

איבער אייניקע הויפן, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר אַ גאַנצקייט — שטייט דער „אַ ד מ י נ י ס ט ר אַ ט אָ ר“.

אין אַלע פראַגן פון רעגולירן דעם צופלוס און אָפפלוס פון דער באַפעלקערונג פון איין וואוינונג אין דער אַנדערער, פאַלן די קאָמענדאַנטינס אונטער דער אויפזיכט פון דער וואוינונגס־אָפּטיילונג ; אין אַלע פראַגן פון ריינקייט און היגיענע — דער סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג. די סאַניטאַרע פאַראָרדנונגען פלעגן אָפט מוזן שנעל־בליציק דורכגעפירט ווערן אין אַ שעה־צוויי (למשל, אַבסאָלוטע ריינקייט און אָרדנונג אין די צימערן ,אויסוואַשן די דילן, ריינמאַכן די טרעפּ, פוצן די פענסטער־שויבן — ערב אַ דערוואַרטעטע דייטשע „סאַניטאַרע אינספּעקציע“). דער גאַנצער „היעראַרכיע־אַפּאַראַט“ איז געווען פאַרזענלעך פאַראַנטוואָרטלעך, אונטער דער סכנה פון פאַרלירן דעם לעבנס־שיין, אין פאַל פון פאַרנאַכלעסיקן אינעם דורכפירן די ריינקייט־פאַראָרדנונגען. ס'האָט געהערשט די מיינונג, אַז אַבסאָלוטע ריינקייט נעמט צו ביי די דייטשן דעם פּרעטעקסט צו ליקווידירן דעם געטאָ אַלס „נעסט פון מגפות“.

V.

# דער קאמף קעגן הונגער אין געטא

## א) דאָס אַריינשמוגלען שפּייזן

די טאָג־טעגלעכע געדאַנקען פון יעדן געטאָ־תושב זיינען געווען געווידמעט די צוויי הויפּט־פראַגן : 1) ווי ראַטעוועט מען זיך אַרויס פון די טויט־אַקציעס, און 2) ווי ראַטעוועט מען זיך פון הונגער ?

דאָס קריגן אַן אַ־בעטס־שיין האָט געגעבן די מעגלעכקייט צו בלייבן לעבן (כל זמן די שיינען זיינען גילטיק), אַרבעטן, און ביי דער אַרבעט עפּעס טוישן מיט די אַרומיקע קריסטלעכע שכנים (למשל, אַן אויבערהעמד, אַ קאָסטיום, אַ זייגערל) אויף ברויט, קאַרטאָפל וכד. דאָס טוישן די זאַכן, דאָס אַריינברענגען די שפּייז אין געטאָ — איז געווען פאַרבונדן מיט דער סכנה פון שמיץ, פון אַרעסט און טויט. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ גאַנצע „לעַ־ע", ווי אַזוי אַריינצושמוגלען שפּייז אין געטאָ, דורך „לאַנגע" קעשענעס, קאָמפּרעסן פון מעל אַרום לייב (אין פאָרם פון קאָרסעטן), אין דעם אָרון פון די מתים, אונטער פורן מיט מיסט און מיט האָלץ, דורך לעכער און בוידעמער און קעלערן, וועלכע קאָמוניקירן מיט די „אַרישע" בוידימער און קעלערן, אין דאָפּלט־דעקן פון אַרבעטס־מכשירים, ווי אויך אונטער דער סאַזשע אין די עמערס פון קוימען־קערע־ס. דאָס איז געווען אַ טאָג־טעגלעכער, קאָמפּליצירטער, סכנה־פולער, א י נ ד י ו ו י ד ו ע ל ע ר געראַנגל מיט הונגער, ביי וועלכן ניט איינער האָט באַצאָלט מיטן לעבן.

גאָר שלעכט איז אָבער געווען די לאַגע פון די „ווייסע" שיינען, וועלכע האָבן אויסערן געטאָ ניט געקאָנט אַרויס צו דער אַרבעט ; פאַר זיי איז געשאַפן געוואָ־ן אין געטאָ הילף דורך דעם געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט, סאָציאַלער פאַרזאָרגונג, ווינטער־הילף.

## ב) דער געזעלשאַפטלעכער הילפס־קאָמיטעט.

אין דער צייט, ווען דער יידן־ראַט איז געוואָרן נאָמינירט פון דער דייטשער מאַכט, איז דער געזעלשאַפטלעכע־ הילפס־קאָמיטעט באַשטאַנען פון פאָרשטייער פון די אונטערערדיש־פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע גרופּירונגען אין געטאָ. אַלע יידישע אַרבעטער פון די „איינהייטן" פלעגן איינצאָלן לטובת דעם געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט, פּרייוויליק, מינימום צוואַנציק רובל אַ חודש, און אַלע אָנגעשטעלטע אין די געטאָ־אַנשטאַלטן — פינף פּראָצענט פון זייער שכירות.

אנדערע מקורות פון הכנסה זיינען געווען: איינקונפטן פון ספּעציעלע אונטער־נעמונגען אין געטאָ (פאַרשטעלונגען וכד.) און מתנות פון יחידים ביים ראַטעווען זיך פון תפיסה, צום געדענק־טאָג פון אַ פאַרשטאָרבענעם, וכד. דער לאָזונג פון געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט איז געווען: ע ס ט אָ ר ק י י ן ה ו נ ג ע ר י ק ע ר נ י ט ז י י ן א י ן ג ע ט אָ! דער פּרעזידיום איז באַשטאַנען פון דר. ש. מילקאַנאָוויצקי (פּרעזיצער), דיכטער אַפּעסקין (וויצע־פּרעזיצער), דר. מ. דוואָרזשעצקי (גענעראַל־סעקרעטאַר), לערערין מרים בערנשטיין (קאַסירערין). פון די איבעריקע מיטגלידער דערמאָן איך זיך פאָלגנדיקע געזעלשאַפטלעכע טוער פון געטאָ (אַנדערע סטאַביל, אַנדערע צייטווייליק): יוסף גלאַזמאַן, כוואָיניק, וויטענבערג (אַלע דריי געפאַלן אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פּאַרטיזאַנען־טעטיקייט), פינטשוק, דעאָל, הערמאַן קרוק, גוטגעשטאַלט, יאַשונסקי, קאַפּלאַן־קאַפּלאַנסקי, טרומפּיאַנסקי, ווינדאַרטשיק, כיענאַ באַראָווסקאַ.

דער געזעלשאַפטלעכער הילפס־קאָמיטעט פלעגט טיילן חודשלעך געלט־סובסידיעס, פּראָדוקטן (ברויט, קאַרטאָפל, מעל, גרויפּן), ספּעציעלע אונטער־שטיצונגען פאַר קינדער־אַנשטאַלטן, לערער, פאַרוווּנדעטע ביי דער אַרבעט, קלומפּעס פאַר די באָרוועסע. אַ סך האָבן באַקומען זייער אונטערשטיצונג אין פאָרם פון מתן בסתר. דער געזעלשאַפטלעכער הילפס־קאָמיטעט האָט אויס־געטיילט אין משך פון זיין טעטיקייט אייניקע מיליאָן רובל סובסידיעס.

## ג) סאָציאַלע פאַרזאָרגונג.

דאָס איז געווען אַן אָפּטיילונג פון יידן־ראַט (אָנגעפירט דורכן אַדוואָקאַט סראָלאָוויטש). אירע מקורות פון הכנסות זיינען געווען: שטייערן, וואָס דער יידן־ראַט פלעגט נעמען פון די „געוועלבלעך" אין געטאָ און פאַר פאַרשיידענע דאָקומענטן, ווי אויך פון געפונענע סחורות אין די מאַלינעס. די סאָציאַלע פאַר־זאָרגונג פלעגט אונטערשטיצן די קאָנסולטאַציע פון קינדער, טאָג־היימען, „ילדים", "ילדות", געבן אומזיסטיקע מיטאָגן פאַר די נויטבאַדערפטיקע, אומ־זיסטיקע רפואות און באָד, העלפן אין דער פראַגע פון באַקליידונג (די דייטשן פלעגן אַריינשיקן אין געטאָ, צו דער אויפזיכט פון יידן־ראַט, אַ טייל פון די זאַכן פון די דערמאָרדעטע אויף פּאָנאַר . . .

## ד) דער ווינטער־הילפס־קאָמיטעט.

דער דאָזיקער קאָמיטעט האָט געזאַמלט בגדים אויפן ווינטער ביי די פאַר־מעגלעכע יידן אין געטאָ און האָט מיטגעהאָלפן אין אַ געוויסער מאָס לייכטער צו מאַכן די נויט אין מלבושים.

## ה) פאָלקס־קיכן, דיעטעס און באַשפּייזונג פאַר זויגלינגען.

די פאָלקס־קיכן, וואָס זיינען אַנטשטאַנען אין געטאָ און ווו דער עולם

האָט באַקומען פֿאַר אַ ביליקן פּרייז (פֿון איין ביז דריי רובל) אַ טעלער זופּ (און די אָרעמע — אומזיסט, אויף צעטלעך פֿון דער סאָציאַלער פֿאַרזאָרגונג) — האָבן אין אַ גרויסער מאָס מיטגעהאָלפֿן אין קאַמף קעגן הונגער. אין די פֿאָלקס־קיכן פֿלעגט מען קאָנען קריגן צוויי מאָל אַ טאָג אַ טעלער זופּ. צייטנווייז אויך אין אָוונט — אַ קאַווע, פֿאַרזיסט מיט סאַכאַרין (פֿאַר פּופּציק גראָשן). דאָרט פֿלעגן אויך פֿאָרקומען געזעלשאַפֿטלעכע און ליטעראַרישע פֿאַראַנשטאַלטונגען. עס זיינען געווען אין געטאָ פֿינף פֿאָלקס־קיכן :

1) — אויף רודניצקא 6 — קיך פֿאַר יידן ראַט־אָנגעשטעלטע און משפּחות.

2) — אויף סטראַשון־גאַס, 2 — „די ציוניסטישע קיך“,

3) — אויף רודניצקא נומער 7 — „די בונדישע קיך“,

4) — אויף שאַוועלסקא 5 — כשרע קיך פֿאַר רעליגיעזע,

5) — אויף סטראַשון גאַס 12 — קיך פֿאַר קינדער.

מיט דער הילף פֿון דער באַשפּייזונגס־אָפּטיילונג פֿלעגט די אַמבולאַטאָריע אַרויסגעבן פֿאַר שווער־קראַנקע, וועלכע האָבן זיך געניטיקט אין דיעטעטישן עסן, פֿון דרייסיק ביז זעכציק דיעטע־קאַרטלעך ; פֿאַר טובערקולאָזע פֿלעגט דער אָנטי־ט. ב. צ.־פּונקט אויך אַרויסגעבן פֿון דרייסיק ביז זעכציק קאַרטלעך אַ חודש ; פֿאַר שוואַכע קינדער פֿלעגט דער שול־מעדיצינישער צענטער אַרויסגעבן פֿון הייסיק ביז הונדערט און צוואַנציק קאַרטלעך אַ חודש. אויף יעדער קאַרטל פֿלעגט מען קאָנען קריגן פֿאַר אַ גאָר קליינעם פּרייז אַ פֿערטל קילאָגראַם פּוטער, אַ פֿערטל קילאָ צוקער, אַ פֿערטל מעל און אַן אַנדערש מאָל אויך אַ האַלבן קילאָ גרויפּן.

די קינדער־קאָנסולטאַציע פֿלעגט אַרויסגעבן אויף ספּעציעלע קאַרטן באַשפּייזונג פֿאַר זויגלינגע און קליינע קינדער, אָפּהענגיק פֿון עלטער און געזונטצושטאַנד. אויף די קאַרטן פֿלעגט מען קריגן אַ גלאָז מילך איין מאָל אַ טאָג אָדער איין מאָל אין עטלעכע טעג, אַ ביסל מעל, גרויפּן, צוקער, צייטנווייז — מאַרמעלאַד, האָניק, אייניקע צוקערקעס, מאַנע־גרויפּן.

ו) רעסטאָראַנען, קאַפֿעען, בעקערייען.

אַ רעסטאָראַן פֿאַר די, וואָס אַרבעטן אין די געטאָ־אַנשטאַלטן, האָט זיך געפֿונען אויף רודניצקא 13. דאָרטן האָט מען פֿאַרן פּרייז פֿון 25 רובל, — און אָפּגעבנדיק געוויסע טיקעטן פֿון דער שפּייז־קאַרטע, געקאָנט קריגן אַ מיטאָג פֿון אייניקע שפּייזן. דאָרטן איז אויך געווען אַ פּיאַנאָ, און ווער עס האָט געהאַט קענטעניש, האָט זיך געקאָנט דערלויבן שפּילן ביים עסן . . . דאָרטן פֿלעגן אויך פֿאָרקומען פֿאָרשטעלונגען און געטאָ־רעווי־טעאַטער.

א געווינע צאָל „פּריוואַטע" רעסטאָראַנען האָבן עקזיסטירט אין געטאָ, ווו געטאָ־גבירים און געטאָ־פּאָליציי האָבן זיך דערלויבט צו קריגן עסנווארג טייערע, אַריינגעשמוגלט מיט ריזיקאָ אין געטאָ.

קאַפע־הייזער פון יידן־ראַט האָבן עקזיסטירט אין עטלעכע פּונקטן פון געטאָ, ווו מען האָט געקאָנט טרינקען אַ גלאָז שוואַרצע ע־זאַץ־קאַווע פאַר פופציק גראָשן אָדער איין רובל (אין די הייזער איז געווען זייער שווער צו מאַכן געקאָכט וואַסער).

בעקערייען האָבן עקזיסטירט אין געטאָ ל ע ג א ל ע (ווו מען האָט געבאַקן ברויט אויף די שפּייז־קאַרטן), און א ו מ ל ע ג א ל ע (ווו מען האָט געבאַקן ברויט פון מעל, אַריינגעגנבעטע און אַריינגעשמוגלטע). אין די בעקער־רייען פלעגן די פּ־ומע יידן שטעלן „טשאָלענטן" פריטאָג־פאַרנאַכט. ערב־פּסח האָט מען געבאַקן מצות פון א געמיש פון קאָרענע און ווייצענע מעל. פורים־צייט זיינען פאַר די שול־קינדער געבאַקן געוואָרן המן־טאַשן.

די פאָלקס־קיכן, רעסטאָראַנען, קאַפעען, בעקערייען זיינען געשטאַנען אונ־טער דער אויפזיכט פון דער סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג.

VI.

# דער געטאָ-שפּיטאָל

דער יידישער שפּיטאָל, וואָס האָט זיך אַמאָל אָנגערופן „דער הקדש“, האָט עקזיסטירט אין ווילנע אַן ערך הונדערט און פֿע־ציק יאָר. ער איז געווען דער יידישער ווילנער פֿ אָ ל ק ס ־ ש פּ י ט אָ ל. דאָ פֿלעגן די יידישע דאָקטוירים רעדן מיט די קראַנקע אויף יידיש, סיי ביים רוסיש־צאַרישן, סיי ביים פּוילישן, סיי ביים ליטווישן רעזשים. פּסח פֿלעגט איינגעאָרדנט ווערן אַ סדר פֿאַר די קראַנקע. חנוכה און פּורים פֿלעגן געמאַכט ווערן יום־טובים פֿאַר די קינדער. דער שפּיטאָל איז פֿאַרן קריג צענדליקער יאָרן געשטאַנען אונטער דער אָנפֿירונג פֿון באַקאַנטן יידישן מעדיצינער און שרייבער, דר. א. ו י ר ש ו ב ס ק י, וועלכער האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אַ גאַנצע ריי וויסנשאַפֿט־לעכע ווערק אויפֿן געביט פֿון דער יידישער פּסיכיאַטריע. (אין געטאָ איז דר. ווירשובסקי געלעגן אין שפּיטאָל אַן אַלטער און אָפּגעשוואַכטער, גאַנץ צוזאַמענגעבראָכן דורכן זעלבסטמאָרד פֿון זיין חבר, דעם אַלטן ווילנער באַ־קאַנטן דאָקטאָר גרשון ג ר ש ו נ י).

דער יידישער שפּיטאָל האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין לעבן פֿון געטאָ: דאָס איז געווען דער איינציקער אַנשטאַלט, וועלכער איז געבליבן נאָך פֿון די צייטן פֿון פֿ אַ ר ן געטאָ, — אַלע איבעריקע האָט מען געדאַרפֿט ערשט בויען, — אין געטאָ־שפּיטאָל האָט מען נאָר געדאַרפֿט ווייטער ציען די אַלטע טראַדיציע. מיט די פֿענסטער איז דער שפּיטאָל אַרויס אויף דער זאַוואַלנער גאַס — אויסער געטאָ. אָנגעפֿירט מיטן שפּיטאָל האָט פֿון אָנהייב — דר. ב ר אָ ד ס ק י, שפּעטער — דר. ס ע ד ל י ס. עס זיינען אין אים געווען אַט די ווייטערדיקע אָפּטיילונגען: פּרויען, פּסיכיאַטריע, קינדער, כירורגישע, אינערלעכע, אינפֿעקציעזע.

### א) פּרויען־אָפּטיילונג.

די פּרויען־אָפּטיילונג האָט געהאַט אַ „ספּעציעלע“ אויפֿגאַבע, ווייל עס איז געווען אין געטאָ אַ פֿאַרבאָט צו געבוירן קינדער. שוואַנגערשאַפֿט האָט גע־דראָט מיט טויט. דאָך האָבן די דאָקטוירים ניט אַזוי שטאַרק אָפּגעהיט די פֿאַר־אָרדנונג. שוואַנגערע פּרויען פֿלעגן געהיים געבוירן קינדער אין יידישן שפּיטאָל. די קינדער פֿלעגן אויסבאַהאַלטן ווערן דורך די דאָקטוירים און קראַנקנשוועסטערס אין ספּעציעלע צימערס — „מאַלינעס“. דאָרט פֿלעגט מען זיי געבן זויגן. אַז די זויגלינגע פֿלעגן אַ ביסל אונטערוואַקסן, פֿלעגט מען זיי פֿאַרשרייבן אַלס קינדער געבוירענע פֿ אַ ר ן אַריינקומען פֿון די דייטשן אין ווילנע. איינע

פון די ניי־געבוירענע קינדער אין געטאָ האָט מען אַ נאָמען געגעבן „מאַלינע״ (קינד פון לערערין סטאַליצקא).

אַ סך פרויען האָבן דורכגעמאַכט אַבאָרטן אין ווילנער געטאָ־שפּיטאָל, ווייל די שוואַנגערשאַפט האָט געשטערט צו דער אַרבעט, און ניט אַרבעטנדיק, האָט מען ניט געהאַט קיין לעבנס־שיין. עס איז אָבער געווען אַ גרויסע צאָל פרויען, וועלכע האָבן ניט געקוקט אויף דער טויט־סכּנה, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט דער שוואַנגערשאַפט : זיי האָבן געוואָלט ״אויסטראָגן״ דאָס קינד, כּדי עס זאָל זיין אַ נאָמען און אַ זכרון נאָך דעם אומגעקומענעם מאַן אויף פּאָנאַר . . .

ב) פּסיכיאַטרישע אָפּטיילונג.

אויפן שפּיטאָל פלעגט זיך אָפּשפּיגלען די טראַגעדיע פון יידישן לעבן אין געטאָ, זיין נערוואָזיטעט און זיינע וואַריאַבלע שטימונגען. עס זיינען געווען ציטן, ווען דער עולם האָט זיך געשטופּט אָנצוקומען אין שפּיטאָל אַלס קראַנקער, מיט דער האָפענונג, דאָרט נ י ט געכאַפּט צו ווערן צו דער צוואַנגס־אַרבעט. עס זיינען אָבער אויך געווען ציטן, ווען די קראַנקע פלעגן מאַסנווייז פאַרלאָזן דעם שפּיטאָל, אויס מורא, אַז זיי וועלן צוגענומען ווערן אויף פּאָנאַר. אַזוי, למשל, האָט די געשטאַפּאָ „ליקווידירט״ גלייך אין די ערשטע חדשים פון געטאָ, די פּסיכיאַטרישע אָפּטיילונג. די דייטשע מאַכט האָט דאַן צונויפגעזאַמלט אַלע פּסיכיש קראַנקע פון דער אומגעגנט אין יידישן שפּיטאָל. דער ס.ס.־מאַן שווייצנבערג איז געקומען אין געטאָ־שפּיטאָל, געוואָרפן זעמל־בולקעס פאַר די משוגעים און געהאַלטן פאַר זיי אַ רעדע, אַז דאָ איז זיי שלעכט, ער וועט זיי פירן אין אַ בעסערן אָרט, וווּ מען וועט זיי געבן בעסער עסן. ער האָט זיי אַריינגענאַרט אין אַן אויטאָ און זיי אָוועקגעפירט אויף פּאָנאַר . . . אין יענער צייט האָט אין געטאָ געשפּילט אַ ראָל פון אַ סאַניטאַרן משגיח איבערן געטאָ, נאָמינירט דורך דער געשטאַפּאָ, און אַ בעל־דעה איבער דעם יידן־ראַט, איינער אַ ייד ק אַ מ ב ע ר, וועגן וועלכן מען האָט געמורמלט, אַז ער איז ניט אינגאַנצן ביים זינען. שווייצנבערג האָט אים איינגערעדט צו באַגלייטן דעם טראַנספּאָרט משוגעים צו זייער נייעם „היילונגס״־אָרט. קאַמבער איז פון דער דאָזיקער רייזע שוין מער ניט צוריקגעקומען.

ג) קינדער־אָפּטיילונג.

אין די שווערע ציטן פון די „אַקציעס״, פלעגן די עלטערן, וואָס האָבן ניט געהאַט די אַזוי גערופענע „לעבנס שיינען״, איבערלאָזן זייערע קינדער אין שפּיטאָל. איז געלונגען די עלטערן דורך אַ נס אויסצובאַהאַלטן זיך, פלעגן זיי נאָך דער „אַקציע״ קומען אין שפּיטאָל אָפּנעמען דאָס קינד. האָבן זיי אָבער געטיילט דעם טראַגישן גורל פון אַלע איבעריקע „שיינלאָזע״ יידן, פלעגן זייערע קינדער איבערבלייבן אין שפּיטאָל, אין דער קינדער־אָפּטיילונג, ביז וואַנען זיי פלעגן אַריינגענומען ווערן אין די יתומים־הייזער אָדער אינטערנאַטן.

### ד) כירורגישע אָפּטיילונג.

אין דער כירורגישער אָפּטיילונג זיינען, אַ חוץ די געוויינלעכע כירורגישע אָפּעראַציעס, אויך אָפט באַהאַנדלט געוואָרן אומגליקס־פאַלן ביי דער אַרבעט. אין דער כירורגישער אָפּטיילונג זיינען אויך געלעגן די איינצלנע פאַלן, ווען ניט צום־טויט־דערשאָסענע יידן האָבן זיך געראַטעוועט פון פּאַנאַר און באַקומען דאָרטן זייער מעדיצינישע הילף. איינע אַזאַ געראַטעוועטע פון פּאָנאַר, פרוי אַ ר אָ נ אָ וו י ט ש, וועלכע האָט פאַרן קריג געוווינט אין ווילנע אויף שאַוועלסקאַ 6, האָב איך איניקע טעג פאַרן גיין אין געטאָ באַנדאַזשירט ביי מיר אין קאַבינעט, אויף נאָוואָגראָדער גאַס 64 (די נאָענטסטע געגנט צו פּאָנאַר). זי איז גענומען געוואָרן אַהין נאָך דער „פּראָוואָקאַציע־אַקציע“, דעם 1־טן סעפּטעמבער 1941. מיט אַ דורכגעשאָסענער האַנט איז זי געלעגן אין אַ גרוב אויף פּאַנאַר, צווישן די מתים, און ביינאַכט איז איר געלונגען צו אַנטלויפן. אין איר שאָס־וווּנד זיינען אַרומגעקראָכן מוראַשקעס. דאָס איז געווען דער ערשטער עדות פון פּאָנאַר, וואָס איך האָב געזען.

### ה) אינערלעכע אָפּטיילונג.

אין דער אינערלעכער אָפּטיילונג זיינען געלעגן, ווי געוויינלעך, אַלע קראַנקע אויף האַרץ, מאָגן וכד'. עס האָבן זיך דאָרט אויך אויסבאַהאַלטן לערער, געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס זייער איינציקע קראַנקייט איז געווען אַלגעמיינע אָפּגעשוואַכטקייט און אומפעאיקייט צו פיזישער אַרבעט. צו דער אינערלעכער אָפּטיילונג האָט אויך געהערט אַ פּאַלאַטע פון טובערקולאָז־קראַנקע, וועלכע האָבן פיגורירט אונטער אַנדערע, ווייניקער געפערלעכע דיאַגנאָזן. צו איר האָט אויך געהערט אַ זאַל אויף שפּיטאָל־גאַס 9 פאַר כראָנישע און אומהיילבאַרע קראַנקע.

### ו) אינפעקציעזע אָפּטיילונג.

די אינפעקציעזע אָפּטיילונג האָט געטראָגן דעם נאָמען „אָבסערוואַציע־אָפּטיילונג“. קיין פלעק־טיפוס און בויך־טיפוס האָבן אין געטאָ נ י ט עקזיסטירט . . . נאָר אַ „היץ־צושטאַנד“ („סטאַטוס פעברילים“), — אַזוי איז געווען דער אָפיציעלער דיאַגנאָז פאַר דער מאַכט. די פאַקטן פון אינפעקציעזע קראַנקייטן האָבן געמוזט אויסבאַהאַלטן ווערן פון די דייטשן, אויס מורא פאַר טראַגישע רעזולטאַטן. די טעמפּעראַטור־ליסטעס פלעגן ספּעציעל „פּרעפּאַרירט“ ווערן אַזוי, אַז קיין פאַרדאַכט זאָל ניט אַנטשטיין.

### ז) דאָקטוירים־פּערסאָנאַל.

אין שפּיטאָל האָבן געאַרבעט, אויף ווי ווייט איך דערמאָן זיך, אָט די דאָקטוירים — אַנדערע סטאַביל, אַנדערע פּעריאָדיש :

ג י נ ע ק אָ ל אָ ג י ע — סעדליס, אַבראַמאָוויטש אַלעקסאַנדער.

כ י ר ו ר ג י ע — זאַלקינדסאָן סעניאָר, לידסקי אברהם, פּייסאַכאָוויטש, טראָצקי פאַלק, קאָניוכסקי אליהו און אַנטאָקאָלעץ.

אי נ ע ר ל ע כ ע — גערשאָוויטש משה, קאַפּלאַן אַלעקסאַנדער, שאַדאָווסקי רפאל, שאַליט עמיליא, ווײַנרעב אברהם, גאָלדמאַן.

ק י נ ד ע ר — לידסקא פּעסיא, יאַבראָוו, גערשגאָרן, אַלק־פּערגאַמענט ראָניא רעזניק נפתלי, רעזניק־לעווינסאָן נאַדיע, פּייגעלסאָן, פּערעוואָזקא.

אָ ט אָ ־ ל אַ ר י נ ג אָ ל אָ ג י ע

— ליבא, וואָלקאָוויסקי לעאָן, גראָדזענסקי דוד

א ו י ג ן — רוטשניק יצחק.

א ו ר אָ ל אָ ג י ע — כאַלעם עמנואל, פּייגענבערג משה.

א י נ פ ע ק צ י ע — שומעליסקי.

נ ע א ו ר אָ ל אָ ג י ע — באַראַנאָווסקי לעאָן.

ר ע נ ט ג ע ן — מאַרגאָלים.

כ ע מ. ל אַ ב אָ ר אַ ט אָ ר י ע

— געלמאַן גדליה.

דײַטשע קאָמיסיעס פלעגן אָפט קומען אין שפּיטאָל אויף רעוויזיעס. געוויסע קרייזן פון דער ווילנער שטאָטישער באַפעלקערונג (ניט דייטשן) זיינען געווען פאַראינטערעסירט צו שליסן דעם יידישן שפּיטאָל און צונעמען זיין אינווענטאַר און אינסטרומענטן פאַר געוויסע נ י ט ־ יידישע שפּיטעלער. דער יידישער געטאָ־שפּיטאָל אָבער איז געווען אַ מוסטער אין הינזיכט פון אָרדנונג און ריינקייט, אונטער דער לייטנדיקער האַנט פון ד״ר סעדלים. כ׳ווייס ניט ביז היום אַ דאַנק וועלכע סיבות איז דער שפּיטאָל געבליבן אין יידישע הענט ביז דער געטאָ־ליקווידאַציע.

VII.

# אמבולאטאריע. גיכע הילף

## א) אָפּטיילונגען.

גלייך אין ערשטן טאָג פון געטאָ האָבן זיך אַלע יידישע דאָקטוירים צונויפגעזאמלט אויף סטראַשונער גאַס 6 אין אַ קליין צימערל און געגרינדעט דעם אָנהייב פון דער ג ע ט אָ - א מ ב ו ל א ט אָ ר י ע, וועלכע האָט געגעבן מעדיצינישע הילף, די ערשטע חדשים אומזיסט, און שפּעטער — אויף מינימאַלע פּרייזן (3 רובל אַ וויזיט, ווען אַ קילאָ ברויט האָט געקאָסט 50 רובל). די איינקונפטן פון דער אמבולאַטאָריע פלעגן אַוועקגיין אין דער קאַסע פון יידן־ראַט. שפּעטער האָט די אמבולאַטאָריע פאַרנומען אַ גאַנצע ריי זאַלן אויף רודניצקאַ גאַס, מיט ספּעציעלע קאַבינעטן פאַר יעדער קראַנקייט. די דאָקטוירים האָבן אויך באַזוכט די געטאָ־קראַנקע אין דער היים. אַ גאַנצע ריי שוועסטער פלעגן אויספירן איינשפּריצונגען. דער לייטער און אָרגאַניזאַטאָר פון דער אמבולאַטאָריע איז געווען ד״ר קלמן ש אַ פּ י ר אָ. אין איר זיינען געווען אָט די אָפּטיילונגען: אינערלעכע, קינדער, פרויען, כירורגיע, נערוון, האַלז־נאָז־אויערן, הויט אויגן, רענטגען, כעמישע אַנאַליזן.

ביי דער אמבולאַטאָריע איז געווען טעטיק די אַזוי גערופענע „ג י כ ע ה י ל ף". דאָרט האָבן דאָקטוירים דיזשורירט אַ גאַנצן מעת־לעת. אין אַלע דרינגענדיקע פאַלן פון אָנמאַכט, אַטאַקע, פאַרוווּנדונג, פלעגט מען קאָנען ארויסרופן גלייך, אָן צו פאַרשרייבן זיך אין דער ריי, דעם דאָקטאָר פון דער „גיכער הילף", וואָס פלעגט תיכף לויפן צום חולה. דער דאָזיקער דאָקטאָר האָט געהאַט רעכט צו גיין אין די גאַסן, אין די פאַרבאָטענע נאַכט־שעהן — פון 9 אין אָוונט, ביז 5 אין דער פרי — מיט אַ פאַרדונקלטן לאַמטערן אין דער האַנט. ער פלעגט טראָגן אַ ספּעציעל פרעפּאַרירטן מעדיקאַמענטן־קעסטל מיט אַ רויטן מגן־דוד און יידישער אויפשריפט: „גיכע הילף".

די לאַגע אין געטאָ פלעגט זיך אָפּשפּיגלען אויף דער דיאַגראַם פון די אמבולאַטאָריע־באַזוכונגען: אין די טעג פון די „אַקציעס" פלעגט די צאָל ראַפּיד פאַלן, און דאַקעגן פלעגט שטייגן די צאָל ארויסרופונגען פון דער „גיכער הילף" (גֿעחלשטע, נערוון־אַטאַקן, פאַ־וואונדעטע ביים באַהאַלטן זיך אין קעלערס און בוידעמער).

## ב) דאָקטוירים־פּערסאָנאַל.

אין דער אמבולאַטאָריע האָבן געאַרבעט (אַנדערע סטאַביל, אַנדערע פּעריאָדיש) אָט די דאָקטוירים:

א י נ ע ר ל ע כ ע ק ר א נ ק י י ט ן
— פּאָמעראַנץ לייב, פּערעוואָזקי אַלעקסיי, שאַפּירא קלמן, בוראק מאַקס, ראָזענבליט אַלפרעד, בוזשאַנסקי לאַזאַר, קרזשעמיאַנסקי אבעל, דאַן גריגאָרי, קאַנטאָראָוויטש, קאָלאָדנער בער, דוואָרזשעצקי מאַרק.

א ו ר אָ ל אָ ג י ע — משה פייגענבערג.

ק י נ ד ע ר ק ר אַ נ ק י י ט ן
— פינקעלשטיין לאַזאַר, שאַבאַד־גאַוואַראָנסקאַ, ברייטבאַרד מאַרקוס.

אָ ט אָ ־ ל א ר י נ ג אָ ל אָ ג י ע
— ריווקינד לעאָ, ראַשקעס.

נ ע א ו ר אָ ל אָ ג י ע — גענזעל יוליוס.

כ י ר ו ר ג י ע — לערמאַן אפרים, טראַצקי פאַלק, לידסקי אברהם, פייסאַכאָוויטש.

ג י נ ע ק אָ ל אָ ג י ע — פינגערהוט לעאָן, בוך רפאל.

א ו י ג ן — פרוי זאַלקינדסאָן, פרוי שיינקער, רעכעס.

ד ע ר מ א ט אָ ל אָ ג י ע
— פרוי כאַלעם, פרוי זעלדאָוויטש סאָפיע, וואָלפסאָן סעניאָר.

ר ע נ ט ג ע ן — איוואַנטער לעאָן.

כ ע מ י ש ע א נ א ל י ז ן
— גאָרדאָן.

„ג י כ ע ה י ל ף" — צוקערמאַן משה, זאַלקינדסאָן יוניאָר, בוזשאַנסקי לאַזאַר, פערעוואָזקי אַלעקסיי, פריד חיים־הלל.

די אַמבולאַטאָריע איז געשטאַנען מעדיציניש אויף אַ הויכן ניוואָ. די ס.ס.־לייט שווײנענבערג און ווייס, וואָס אין זייערע הענט איז געלעגן דער גורל פון ווילנער געטאָ, און וואָס האָבן דיריגירט מיט די אַרויספירונגען אויף פאָנאַר, פלעגן קומען זיך היילן אין דער געטאָ־אַמבולאַטאָריע, גלייבנדיק מער אין די מעדיצינישע קענטענישן פון געטאָ־דאָקטאָר איידער פון שטאָט־דאָקטאָר. אויך דער ליטווישער לייטער פון די יידישע ענינים אין ווילנע בוראַקאַס און זיין פרוי פלעגן זיך קומען היילן אין דער געטאָ־אַמבולאַטאָריע.

א וויכטיקע אויפגאבע פון דער געטאָ־אמבולאטאָריע איז געווען דאָס ארויס־
געבן באַשטעטיקונגען אויף באַפרייען פון דער ארבעט.

די ארבעטס־קאָמאנדאָס פלעגן ניט אָנערקענען קיין שום פּריוואטע באַשטע־
טיקונג פון א געטאָ־דאָקטאָר, נאָר אויסשליסלעך די אָפיציעלע באַשטעטיקונגען
פון א ספּעציעלער קאָמיסיע פון דריי דאָקטוירים ביי דער אמבולאטאָריע, וועלכע
פלעגט אונטערזוכן די ארבעטס־פעאיקייט פון דער פּערזאָן.

עס זיינען דורך דער אמבולאטאָריע איינגעשטעלט געוואָרן אָט די קאטע־
גאָריעס :

קאטעגאָריע A — געזונט.

קאטעגאָריע B — פעאיק צו אלע ארבעטן אויסער צו גאָר שווערע.

קאטעגאָריע C — פעאיק נאָר צו לייכטע ארבעטן.

קאטעגאָריע D — פעאיק נאָר צו זיצנדיקער ארבעט.

קאטעגאָריע I — אינוואליד.

יעדע קאטעגאָריע האָט געהאט נאָך אונטער־פּונקטן :

א באַשטעטיקונג, למשל, אז די געגעבענע פּערזאָן אין cat. A (1D) האָט
באַדייט :

„סטאביל געהערט די פּערזאָן צו קאטעגאָריע A (געזונט). אויף צען
צען טעג צייט, צוליב קראנקייט — קאטעגאָריע D (דאָס הייסט : קאָן טאָן נאָר
זיצנדיקע אַרבעט.

דער געטאָ־איינוווינער פלעגט זיך שטענדיק שלאָגן מיט דער דעה : וואָס
און וועלכע קאטעגאָריע דאַרף ער וועלן קריגן.

בשעת אן אקציע איז פאָרגעקומען, אז קאטעגאָריע A און B (גע־
זונט . . .) זיינען בעסער. מער שאַנסן געראטעוועט צו ווערן פון ארויספירונג.

אין רואיקע צייטן אָבער, איז בעסער קאטעגאָריע C. D. I. (קראנק,
שוואך . . .) איז מען פּטור פון שווערער ארבעט אָדער בכלל פון אַרבעט.

VIII.

# אנדערע מעדיצינישע פארמאציעס

## א) דאָקטוירים אין צווייטן געטאָ.

וועגן לעבן אין געטאָ נומ. 2 איז מיר אין אַלגעמיין ווייניקער באַקענט. דאָרטן האָט זיך געשאַפן אַן אַמבולאַטאָריע אין לאָקאַל פון דער געוועזענער סמ־אַ־שון־ביבליאָטעק. בראש פון דער אַמבולאַטאָריע איז געשטאַנען דר. וו. פּ אָ ט־ש ט ע ר. ביי דער ליקווידאַציע פון געטאָ נומ. 2 איז אַ טייל דאָקטוירים געלונגען צו ראַטעווען זיך און אַריבערגיין אין געטאָ נומ. 1. אַ טייל איז אַרויסגעפירט געוואָרן אויף פּאָנאַר. שפּעטער איז געלונגען אַריינצופירן אין ערשטן געטאָ אַריין מעדיקאַמענטן פון ליקווידירטן צווייטן געטאָ. ביי דער דאָזיקער אַרבעט האָט אַ סך אויפגעטאָן פּ י נ ט ש ו ק.

## ב) קאָמאַנדאָ־דאָקטוירים.

כמעט אַלע גרעסערע אַרבעטס־קאָמאַנדאָס, וועלכע האָבן געאַרבעט א ו י ס ע ר דעם געטאָ, האָבן געהאַט זייערע יידישע קאָמאַנדאָ־דאָקטוירים („שטרעקן־אַרצט"). דער דאָקטאָר פלעגט אַרויסגיין אין דער פרי מיט דער קאָמאַנדאָ און פלעגט זיך צוריקקערן אין אָוונט, צוזאַמען מיט איר. זיין אויפגאַבע איז געווען: געבן גיכע הילף ביי אַרבעט־אומגליקספאַלן, אַכטונג געבן, עס זאָלן ניט זיין קיין לייזיקע און קרעציקע צווישן דער קאָמאַנדאָ, רעגולירן די טערמינען פון זייער גיין אין סאַניטאַרן דורכלאָז־פונקט, דורכפירן ביי זיי די נויטיקע אימפונגען, וכדומה.

צווישן די קאָמאַנדאָ־דאָקטוירים דערמאָן איך זיך: ד"ר דלוגי הירש, ד"ר קאַץ, ד"ר קאַץ זכריה, ד"ר ברייטבאַרדט שמחה, ד"ר עלטערמאַן, ד"ר שטיינהאַוער, ד"ר גודזעניאַצקי אברהם, ד"ר גיטל שלמה, ד"ר טראָצקי (יאַשפּאַנס איידעם).

## ג) דאָקטוירים פון די יידישע אַרבעטער־בלאָקן „קייליס".

אויסערן געטאָ האָבן געוווינט אין צוויי בנינים אויף שעפּטיצקאַ גאַס די יידישע אַרבעטער, וועלכע זיינען געווען באַשעפטיקט ביי פוטער־ און קירזשנעריי אַרבעט אין דער פירמע „קייליס". זיי האָבן געלעבט אין בעסערע דערנערונגס־באַדינגונגען און קלענערער ענגשאַפט ווי אין געטאָ. אָבער אויך זייערע בלאָקן אויסער דער שטאָט זיינען געווען אַרומגערינגלט מיט דראָטן. אין די בלאָקן האָבן געאַרבעט די דאָקטוירים הלל פּ יי ג ו ס און לעאָ ב ו ר א ק. די שול־קינדער פון די „קייליס"־בלאָקן זיינען געווען אונטער דער אויפזיכט פון

שול־מעדיצינישן צענטער אין געטאָ. אין „קיילים" האָבן עקזיסטירט שול־אַנ־שטאַלטן, און איך פלעג קומען אהין פון געטאָ אונטערזוכן די קינדער. די רעצעפטן פאַר קראַנקע פון „קיילים" פלעגן געמאַכט ווערן אין געטאָ־שפּיטאָל. אין „קיילים" איז קיין באָד נישט געווען. פלעגן די דאָרטיקע אַרבעטער געפירט ווערן אין באַשטימטע טערמינען אין געשלאָסענע פּאַרטיעס אין געטאָ, צום סאַ־ניטאַרן דורכלאָז־פּונקט.

ד) דאָקטוירים אין לאַגערן הינטער ווילנע.

הינטער ווילנע האָבן עקזיסטירט אייניקע לאַגערן, ווו יידן האָבן געאַר־בעט ביי טאָרף אָדער וואַלד־אַרבעט : „ר ע ש א", „ב י א ל א ו א ק א", „ס אָ ר אָ ק ט אַ ט א ר אָ וו". דער יידנראַט פלעגט אהין אַרויסשיקן דאָק־טוירים, בכדי אַכטונג צו געבן אויפן מעדיצינישן מצב פון די לאַגערן. צווישן זיי דערמאָן איך זיך : כאַנאָוויטש שמעון, גאָרדאָנאָוויטש, לערמאַן אפרים, בו־זשאַנסקי לאַזאַר, שטיינמאַן.

ה) דאָקטאָר פון געטאָ־פּאָליציי.

אַלס דאָקטאָר פון דער יידישער געטאָ־פּאָליציי (היילן די פּאָליציסטן, פעסטשטעלונגען פון טויט), — איז געווען טעטיק ד"ר יאשפּאַן.

IX.

# מעדיצינישער פּערסאָנאַל

## א) דענטיסטן.

ביי דער אַמבולאַטאָריע האָט עקזיסטירט אַ דענטיסטישער קאַבינעט. די אינסטרומענטן זיינען אויפגעמאָנטירט געוואָרן פון שטיקלעך, געפינענע אין פאַרלאָזענע דענטיסטישע קאַבינעטן. עס איז געווען אַ מאַנגל אין דענטיסטיש-טעכנישע מאַטעריאַלן אויף פּלאָמבעס און, פאַרשטענדלעך, אויף קאָראָנקעס. פון צאָן-קראַנקייטן האָט מען נישט געקאָנט באַפרייט ווערן פון גיין צו דער אַרבעט. פּלעגט מען זייער אַ סך רייסן ציינער. פון דענטיסטן (אַרצטן און טעכניקער) דערמאָן איך זיך : בלאָך, (באַקאַנטער געזעלשאַפטלעכער טוער), נאַדעלמאַן (לייטער פון דער דענטיסטישער אָפּטיילונג אין געטאָ, געווען אַמאָל טעטיק אין „אָזע“), קולקעס (מאַן און פרוי) דאָנסקאָי, פרוי סווערדלין, פרוי בלאָך, כאַרמאַץ, סטאָקלישסקי, רעכעס און קאַץ.

אייניקע דענטיסטן האָבן געהאַט „פּריוואַטע“ קאַבינעטן, ד. ה. ווינקלען, ווו זיי פלעגן ביי זיך אין דער היים רייסן ציינער ביי די צוריקומענדיקע אַרבעטער — פאַרן פּרייז פון ברויט, קאַרטאָפל אָדער עטלעכע צענדליק רובל.

אויף רודניצקא 6 האָט עקזיסטירט אַ צאָן-טעכנישע לאַבאָראַטאָריע, ווו עס פלעגן אויסגעפירט ווערן צאָן-טעכנישע אַרבעטן ווי : קינסטלעכע ציין, פּראָטעזן, קאָראָנקעס פון פאַרשיידענע פּרימיטיווע סובסטאַנצן.

## ב) פעלדשערס.

די ערשטע צייט פון געטאָ זיינען געווען עטלעכע עלטערע ווילנער פעלדשערס : קאַפּלאַן, וואָלאָזשינסקי, בלאָפאַרב, ביילין. זיי פלעגן גיין שטעלן באַנקעס, מאַכן איינשפּריצונגען און לעוואַטיוון. שפּעטער פלעג איך טרעפן אין געטאָ נאָר דעם פעלדשער פון יידישן שפּיטאָל — ש ע ר. די איבעריקע האָבן אַלס עלטערע מענטשן ניט באַקומען קיין לעבנס-שיינען, און מען האָט זיי אָפּגעפירט אויף פּאָנאַר . . . פעלדשער ביילין איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין אַמבולאַטאָריע, אין דערוואַרטונג, אַז מען זאָל אים קומען נעמען ביי אַן „אַקציע“.

## ג) סאַניטאַרן, סאַניטאַרינס.

אין געטאָ האָט זיך אויסגעפאָרמירט אַ שיכט פון יונגע מענטשן, וועלכע האָבן אַלס סאַניטאַרן און סאַניטאַרינס, געאַרבעט ביי פאַרשיידענע פיזישע הילפס-מעדיצינישע אַרבעטן, ביי דעזינסעקציע און דעזינפעקציע און ביים באַ-

דינען קראַנקע אין שפּיטאָל. צוליב געוויסע געטאָ־באַדינגונגען, כּדי צו באַקומען שיינען, האָבן אַ גאַנצע ריי דאָקטוירים געאַרבעט, און געווען אויך פאַרשריבן אַלס סאַניטאַרן.

## ד) קראַנקנשוועסטער

אין ווילנער געטאָ איז געווען אַ גרעסערע צאָל קראַנקנשוועסטער, ווייל אין ווילנע האָט זייט לאַנגע יאָרן עקזיסטירט אַ יידישע קראַנקנשוועסטער־שול „אָזע". זיי האָבן געאַרבעט אין שפּיטאָל־אַמבולאַטאָריע, „גיכע הילף", סאַני־טאַר־עפּידעמיאָלאָגישע אָפּטיילונג, קינדער־אויפזיכט און שול־מעדיצינישן צענטער. זיי האָבן געהאָלפן גרינגערן, בויען און טראָגן די לאַסט פון אַלע אַנשטאַלטן. דעם ע״שטן טאָג פון געטאָ האָבן אַלע קראַנקנשוועסטער זיך פריי־וויליק געשטעלט צו דער אַרבעט. ווען עס איז אויפגעקומען די פראַגע פון די געלע „לעבנס־שיינען", איז אויפן גורל פון די קראַנקנשוועסטער אויסגעפאַלן זייער ווייניק שיינען. אַ סך פון זיי זיינען אַוועקגעפירט געוואָרן אויף פּאָנאַר, אַ סך זיינען אויסבאַהאַלטן געוואָרן אין די מאַלינעס, אַ טייל האָבן די דאָקטוי־רים צוגעשריבן צו זיך אַלס פרויען, און דערמיט האָבן זיי געראַטעוועט פון מאַנס לעבנס־שיין.

די קראַנקנשוועסטער האָבן מיט גרויס אחריות און אָפט מיט מסירת נפש אויסגעפירט זייערע שווערע אַרבעטן אין געטאָ. אין אַ גרויסער מאָס איז געלונגען, אַ דאַנק זייער אַקטיווקייט, צו באַקעמפן די פאַרלייזונג און שמוץ אין געטאָ, ווי אויך דאָס פירן די היגיענישע אויפקלערונגס־אַרבעט פון שטוב צו שטוב. אַ סך ליבע און צערטלעכקייט האָבן זיי אַרויסגעוויזן צו די קינדער, וואָס האָבן זיך געפונען אונטער זייער אויפזיכט.

מיט אַ שטאַרקער אַקטיווקייט האָט זיך אויסגעצייכנט די קראַנקנשוועס־טער פון שול־מעדיצינישן צענטער, שפרה טייטעל־גרענאַדיר, ביי אַ גאַנצער ריי סאַניטאַרע אַרבעטן. די קראַנקנשוועסטער תמרה (שניידערמאַן), אַ חלוצה, איז געווען פון די ערשטע פרויען, וועלכע זיינען געפאָרן אין שליחות פון דער אונ־טערערדישער באַוועגונג פון געטאָ־ווילנע צו געטאָ־וואַרשע, און איז העלדיש אומגעקומען ביי די ווידע־שטאַנדס־קאַמפן אין פוילן. איר חבר, מרדכי טענענ־בוים־טאַמאַראָוו, איז געפאַלן, אָנפירנדיק מיטן געטאָ־אויפשטאַנד אין ביאַליס־טאָק. די קראַנקנשוועסטער פון יידישן שפּיטאָל, בעלאַ חזן (פּסעוודאָנים: קריסיאַ קאָסאָווסקאַ) איז געפאָרן אין שליחות פון דער חלוצישער אונטער־ער־דישער באַוועגונג פון די געטאָס ווילנע, גראָדנע, ביאַליסטאָק און וואַרשע, איז אַרעסטירט געוואָרן אין וואַרשעווער תפיסה "פּאַוויאַק" און אַרויסגעפירט געוואָרן קיין אוישוויץ. די קראַנקנשוועסטער כּיענע באַראָווסקאַ (אַ קאָמונים־טין) איז געווען טעטיק אין געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט און ביי דער אָרגאַניזירונג פון דער פּאַרטיזאַנען־באַוועגונג.

X.

# רפֿואות, אַפּטייק

אין געטאָ האָט זיך געשפּירט אַ גרויסער מאַנגל אין עלעמענטאַרישע רפֿואות. עס איז געווען פֿאַרבאָטן מצד דער דייטשער מאַכט, פֿאַר די א ר י ש ע אַפּטייקן צו מאַכן רעצעפּטן פֿאַר יידישע קראַנקע, אָדער אַפֿילו פֿאַר א ר י ש ע קראַנקע אויף אַן אונטערשריפֿט פֿון אַ יידישן דאָקטאָר. אין לעבנס־דראָענדיקע קראַנקייטן, ווען עס פֿלעגט אויספֿעלן למשל, דיפֿטעריט־סערום פֿאַר אַ שטאַרבענדיק קינד, פֿלעגן די יידישע מאַמעס ריזיקירן מיטן לעבן, אַראָפּוואַרפֿן די לאַטעס, אַריינלויפֿן אין אַ קריסטלעכער אַפּטייק, מיט אַ רעצעפּט, אונטערגעשריבן מיט אַן אויסגעטראַכטן, פֿאַלשן נאָמען פֿון אַ דאָקטאָר, אַ נאָמען וואָס קלינגט ניט יידיש. אייניקע קריסטלעכע אַפּטייקן פֿלעגן זיך מאַכן ניט וויסנדיק און אַרויסגעבן די נויטיקע רפֿואות אויף די פֿאַלסיפֿיצירטע רעצעפּטן.

מיר איז באַקאַנט אַ פֿאַל מיט אַ יונגען מאַן, רובינשטיין, וועלכער האָט געוווינט אויף סטראַשונער גאַס 15. ער האָט זיך אַרויסגעגנבעט אומלעגאַל, אָן דער לאַטע, אין דער נאָענטסטער אַפּטייק צום געטאָ (געוו. סאַפּאָזשניקס אַפּטייק), בכדי צו קריגן אַ רפֿואה פֿאַר זיין שוועסטער, וואָס איז קראַנק געווען אויף פֿלעק־טיפֿוס. אַרויסגייענדיק פֿון אַפּטייק מיט דער רפֿואה אין דער האַנט, איז ער פֿאַרהאַלטן געוואָרן פֿון דער געשטאַפּאָ פֿאַרן גיין אָן אַ לאַטע און איז מער שוין ניט צוריקגעקומען.

אין די ערשטע טעג פֿון געטאָ זיינען די דאָקטוירים געגאַנגען איבער די בוידעמער, פֿאַרלאָזענע צימערן פֿון חורבות־ראַיאָן און צונויפֿגעזאַמלט איבערגעלאָזענע פֿלעשלעך יאָד, וואַלעריאַן־טראָפּנס, טאַבלעטן, וואַטע, באַנדאַזשן, מאַרלע. אַ גאַנצע ריי דאָקטוירים, ווי אויך סתם יידן, האָבן געגעבן וואָלאָנטעריש, אַלס מתנה זייערע מעדיצינישע פּרעפּאַראַטן, וואָס זיי האָבן מיט זיך געבראַכט אין געטאָ, און מען האָט אָנגעהויבן אויסצוטיילן אומזיסט רפֿואות פֿאַר קראַנקע. שפּעטער איז די אַפּטייק פֿון שפּיטאָל, וואָס האָט שטענדיק באַדינט נאָר די שפּיטאָל־קראַנקע, געוואָרן די אַפּטייק פֿון גאַנצן געטאָ.

מיט פֿאַרשיידענע איינפֿאַלן און קאָמבינאַציעס פֿלעגן געקויפֿט ווערן אויסערן געטאָ מעדיקאַמענטן און געבראַכט ווערן אין געטאָ. דערביי האָט זיך אויסגעצייכנט מיט שטאַרקער איניציאַטיוו דער אַפּטייקער טשעסלי (געשטאָרבן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער). נאָך שפּעטער האָט אַ גאַנצע ריי יידישע אַרבעטער אָנגעהויבן צו ג נ ב ע נ ע ן מעדיקאַמענטן אין די אַפּטייקן פֿון „דייטשן רויטן קרייץ” אָדער קריגס־לאַזאַרעטן (ווו זיי האָבן געאַרבעט ביי פֿאַרשיידענע

פיזישע ארבעטן, ווי : האקן האלץ, וואשן, רוימען וכד.) זיי פלעגן „די גנבה“ ברענגען אין געטא אריין און אפגעבן אין געטא־אפטייק — אנדערע אומזיסט, און אנדערע אויף פרייזן פון „שווארצן מארק“ !

אין געטא איז געווען א „שווארץ־האנדל“ מיט מעדיקאמענטן. מענטשן, וועלכע פלעגן פיזיקירן, גנבענען ביי די דייטשן אדער אויף אן אנדער אופן אריינ־ברענגען מעדיקאמענטן אין געטא, פלעגן נעמען פאר זיי א גרויסע פרייז, באזונ־דערס אויף פאטענטירטע מיטלען, ווי למשל : פראנטאזיל און סערום קעגן דיפ־טעריט. פאר איין אמפולע סערום אדער פראנטאזיל פלעגט מען נעמען אן ערך 300 רובל, ד. ה. דעם ווערט פון 7-8 קילא ברויט ! טראץ דעם איז שטענדיק גע־ווען א מאנגל אין מעדיקאמענטן. דעריבער פלעגט דער שפיטאל ארויסגעבן פאר א חולה נאר צו 6 פראשקעס אויף איין מאל, און נאר 100 גראם מיקסטור ; און ערשט נאך א נייער אונטערשריפט פון אמבולאטאריע־דאקטאר — א צווייטע, דיזעלבע דאזע רפואות. די רעצעפטן, א־ויסגעגעבענע פון געטא־אפטייק, פלעגן קאסטן נאר עטלעכע רובל. ארעמע און אומפארמעגלעכע פלעגן באקומען די רפואות אומזיסט דורך דעם געזעלשאפטלעכן הילפס־קאמיטעט פון געטא אדער דורך דער סאציאלער פארזארגונג ביים יידן־ראט.

XI.

# געטא־מעדיקאמענטן און פרעפאראטן

א) וויטאמינען־לאבאראטאריע.

עס איז אנטשטאנען די נויטווענדיקייט פארן געטא, אליין צו פראדוצירן הייל־מיטלען. לויט דער איניציאטיוו פון באקאנטן ווילנער אינטערניסט, ד"ר ג י ר ש א ו י ט ש *) האט מען אין געטא אנגעהויבן אויסצוארבעטן אין גרעסערע צאלן וויטאמין „ב"־פרעפאראטן פון ביר־הייוון, אין דער פארם פון:

1) וויטאמינען־ק ר ע ם, וואס לאזט זיך שמירן אויף ברויט.
2) וויטאמינען־ג ע ט ר א נ ק מיט א ביר־טעם.
3) א געזיסטן וויטאמינען־געטראנק, ספעציעל פאר קינדער.

די וויטאמינען פלעגן פראדוצירט ווערן, אין א ספעציעלער וויטאמינען־ל א ב א ר א ט א ר י ע, פון ביר־הייוון, זייערע ביי־אויסארבעטונגען און פראדוקציע־אפפאלן, וועלכע פלעגן אויף פארשיידענע לעגאלע און אומלעגאלע אופנים אפגעקויפט ווערן אין דער ארישער ביר־פאבריק „שאפען" אין ווילנע. די אבסערוואציעס אין דער קינדער־אויפזיכט־אפטיילונג און שול־מעדיצינישן צענטער, האבן באוויזן, אז די געטא־וויטאמינען „ב", האבן געבראכט פאזיטיווע רעזולטאטן פאר די קראנקע אויף פורונקלען און אנדערע הויט־אויסשיטונגען. עס זיינען אויך געמאכט געווארן פרווון צו פראדוצירן וויטאמינען „ד".

דורך פארברענען ביינער פון פערדיש פלייש און צערייבן זיי אין א ספעציעלע שטייסלען, האט זיך אנגעהויבן א פראדוקציע פון קאלציום און פאספאר, וואס פלעגן געגעבן ווערן ספעציעל פאר קינדער אין ריינער פארם, אדער געמישט צוזאמען מיט א פולווער פון דעם אויבנדערמאנטן וויטאמין „ב". מוטער און קינדער האבן עס א נאמען געגעבן „געטא־פאספאטין".

ג) אנדערע פרעפאראטן.

אין געטא איז פראדוצירט געווארן קוילן־פולווער (קארבאן), א ספעציעלער יאד־פרעפאראט — „סאל־די־יאד" — בשעת דער קינדער־סטרומא־עפידעמיע, ווי אויך גרעסערע קוואנטומס פארטיקע סטאנדאריזירטע מישונגען פון

*) דר. גירשאוויטש איז געשטארבן אין קאנצענטראציע־לאגער קלאאגא, עסטלאנד.

אַנטי־נעוראַלגישע, אַנטי־פּירעטישע, אַנטי־רעוומאַטישע, אַנטי־נערוועזע, אַנטי־דאַלאַרזע מעדיקאַמענטן ובדומה, אין ספּעציעל פּאַרמולירטע דאָזעס. נומ. 1, 2, 3, — לויט זייער שטאַרקייט, בכדי מען זאָל פאַר יעדן פּאַציענט נישט דאַרפן צוגרייטן קיין מעדיקאַמענט, נאָר ער זאָל דאָס קאָנען באַקומען גלייך פאַרטיק.

ד) „קאַפּטורן".

אין צוזאַמענהאַנג מיטן פּאַרבאַט צו שוואַנגערן אין געטאָ, האָט מען, לויטן פּראָיעקט פון באַקאַנטן גינעקאָלאָג ד"ר פ י נ ג ע ר ה ו ט (באַגאַנגען שפּעטער זעלבסטמאָרד אין קאָנצענטראַציע־לאַגער ערעדא, עסטאָניע), אָנגעהויבן צו פּראָדוצירן (פון אַ ספּעציעלער מאַסע) „קאַפּטורן" אויפן העלדזל פון דער געבערמוטער, בכדי צו פאַרהיטן די פרוי פון שוואַנגערשאַפט.

ה) מעדיצינישע אינסטרומענטן.

יעדער דאָקטאָר האָט, גייענדיק אין געטאָ, מיט זיך מיטגענומען דאָס נויטיקסטע פון זיינע אינסטרומענטן, ווי אַ געהער אַפּאַראַט, שפּריצן, נאָדלען. אין געטאָ גופא איז געפונען געוואָרן אַ ביסל אינסטרומענטן אין די חרובע הייזער. אויך אין געטאָ־שפּיטאָל איז איבערגעבליבן אַ ביסל מעדיצינישע מכשירים. פונדעסטוועגן איז דאָס אַלץ געווען צו ווייניק. די טעכנישע וואַרשטאַטן, אונטער דער לייטונג פון אינזשעניער מאַרקוס, האָבן אויסגעאַרבעט און צוזאַמענגעשטעלט פון שטיקלעך: מעדיצינישע וואַגשאַלן, זויגלינגס־וואָגשאַלן, סטעריליזאַטאָרן, וויר־אַפּאַראַטן, אויטאָקלאַוון, אינסטרומענטן צו לאָזן דאַמפּ אין האַלז, אָפּעראַציע־סקאַלפּעלן, אָרטאָפּעדישע טיילן וכד.

ו) כעמישע לאַבאָראַטאָריע.

אין געטאָ איז געווען טעטיק אַ כעמישע לאַבאָראַטאָריע, וועלכע האָט פּראָדוצירט אַ וואַש־מיטל פאַר וועש (געמאַכט פון אַש), קראָכמאַל (פון קאַרטאָפל), זייף (פון פערד־ביינער) און פליגן־פּאַפּיר. צווישן אַנדערע איז דאָרטן געווען באַשעפטיקט ד"ר גיטעלסאָן שמעון.

# קינדער־אויפזיכט

דאָס קינד אין געטאָ איז געווען אַ פּראָבלעם פון זאָרג און ליבע פאַר אַלע געטאָ־איינוווינער. ניט קענענדיק פאַרהיטן די זקנים פון אומקום, האָט זיך די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט קאָנצענטרירט אויפן   קינד : זאָל כאָטש דאָס קינד קאָנען דערלעבן בעסערע צייטן!

## א) קינדער־קאָנסולטאַציע.

מיט דער אויפזיכט אויף קינדער — בײזן שול־עלטער האָט אָנגעפירט די געוועזענע „אָזע"־טוערין פון ווילנע, ד"ר שאַבאַד־גאַווראָנסקא, ביי דער אַקטיווער מיטהילף פון קאָוונער באַקאַנטן אָזע־טוער, ד"ר לאַזאַר פינקעלשטיין.

אין דער קינדער־קאָנסולטאַציע זיינען געווען פאַרשריבן אַלע קינדער ביז זיבן יאָר. זיי האָבן דאָרט געהאַט אַ ספּעציעלע קאַרטע, לויט וועלכער מען פלעגט באַקומען פּראָדוקטן און מילך, אָפּהענגיק פון עלטער און געזונט־צושטאַנד. דאָ פלעגט מען שטעלן די קינדער פּאָקן, באַשטראַלן מיט קוואַרץ־לאָמפּן, דורכפירן אַנטי־דיפטערישע איינשפּריצונגען, פּעריאָדיש וועגן און אונטערזוכן. אין דער אַרבעט האָבן זיך אויך באַטייליקט ד"ר אַלק־פּערגאַמענט און ד"ר פייגעלסאָן.

## ב) יתומים־אינטערנאַט.

ביים דערמאָנטן קינדער־אויפזיכט־צענטער האָט עקזיסטירט אויף שפּיטאָל־גאַס אַן אינטערנאַט פאַר יתומים, וואָס זייערע עלטערן זיינען אומגעקומען אויף פּאָנאַר. די קינדער זיינען צונויפגענומען געוואָרן פון יידישן שפּיטאָל, אָדער פון פאַרלאָזענע הייזער, נאָך די „אַקציעס". קינדער־שאַטנס, לעבעדיקע מצבות פון דער דייטשער גרויזאַמקייט, האָבן דאָרט געהאַט זייער היים, זאָרגפולן אומגאַנג, פאַרהעלטניסמעסיק גוטע שפּייזונג און מעדיצינישע הילף.

נאָכן איבערמאָנטירן דעם אינטערנאַט, וועלכער האָט זיך געפונען אין אַ בנין פון אַ צעחרובטן בית־המדרש איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ פייערונג פאַר די יתומים. אין פּראָגראַם : דערציילונגען פון די קינדער, ווי אַזוי זיי האָבן זיך געראַטעוועט פון טויט.

## ג) טאָג־היים.

פאַר די קליינע קינדער, וואָס זייערע עלטערן פלעגן מוזן אַוועקגיין אויף

דער אַרבעט אין די דייטשע קאָמאַנדאָס, איבערלאָזנדיק זיי אויף הפקר, אָן אויפ־זיכט, אין טומל פון געטאָ — איז געשאַפן געוואָרן אַ ט אָ ג ־ ה יי ם אויף סטראַשונער גאַס, וווּ די קינדער פלעגן באַקומען זייער עסן, אויפזיכט, מעדיציניש קאָנטראָל און שפּילן זיך ביזן צוריקקומען פון די עלטערן.

## ד) קינדער־קיך.

ביים קינדער־אויפזיכט־צענטער איז געווען טעטיק אויך אַ קינדער־קיך, וווּ עס פלעגן קומען טעגלעך עסן, אונטער דער אויפזיכט פון די לערערס עטלעכע הונדערט קינדער, איבערהויפּט פון די גאָר אומפאַרמעגלעכע עלטערן.

## ה) מילך־פּונקט.

ביים קינדער־אויפזיכט־צענטער האָט עקזיסטירט אַ ספּעציעלער פּונקט, וווּ עס פלעגט פאַרטיילט ווערן מילך פאַר די קליינע קינדער. ביי די שווערע לעבנס־באַדינגונגען אין געטאָ און מאַנגל אין פּראָדוקטן, איז די מילך פאַר די קינדער געווען פון אויסערסט וויכטיקער באַדייטונג. ביים איינפירן די מילך אין געטאָ אויף פאַרשיידענע אומלעגאַלע וועגן, האָט די ד"ר שאַבאַד־גאַוראָנסקאַ אַרויס־געוויזן אַ סך ענערגיע און איניציאַטיוו, ווי אויך בכלל אין אַ גאַנצע ריי פראַגן פון אָרגאַניזירן דעם געזונטהייטס־וועזן אין געטאָ.

## ו) מוטער־באַראַטונגס־שטעלע.

ביים קינדער־אויפזיכט צענטער האָט עקזיסטירט אַ מוטער־באַראַטונגס־שטעלע, וווּ עס פלעגן געגעבן ווערן עצות פאַר מוטערס אין אַלע ענינים, וואָס זיינען נוגע שוואַנגערשאַפט און מוטערשאַפט.

XIII.

# לערן-און פאך-אנשטאלטן פאר קינדער: „ילדים“, „ילדות“.

לויט דער איניציאטיוו פון לערער משה אליצקי און ביי דער אקטיווער מיטארבעט פון די לערערינס מרים בערנשטיין און רחל ברוידא, גוטגעשטאלט, ווי אויך פון די לערערס און לערערינס ישראל דימענטמאן, לעא בערנשטיין, ד"ר פעלדשטיין, טורבאוויטש, לייקין, אפעסקין, ל. שעפטעל, בושעל גדליה, קאבאטשניק און א סך אנדערע — זיינען געגרינדעט געווארן אין געטא א גאנצע ריי לער-אנשטאלטן: 3 פאלקס-שולן: אויף שאוועלסקא 2, סטראשונער 12, דייטשע 94, — יעדע איינע מיט א קינדער-גארטן, ווי אויך גימנאזיאלע קורסן, וועלכע האבן, אלע צוזאמען, געציילט ביי א דריי טויזנט קינדער. עס האבן אויך עקזיסטירט צוויי רעליגיעזע פאלקס-שולן (חדרים) און א ישיבה קטנה, אין די בנינים פון די בתי-מדרשים. בכדי אויסצולערנען די קינדער א פאך, זיינען אין געטא געווען טעטיק טעכנישע קורסן, אונטער דער ליטונג פון אינזשעניער שרייבער, געוועזענעם דירעקטאר פון יידישן ארט-טעכניקום אין ווילנע. אין לעצטן האלבן יאר פון געטא איז געווען א טענדענץ צו באשעפטיקן וואס מער קינדער אויף פארשיידענע מלאכות, בכדי צו באווייזן זייער וויכטיקייט פארן דייטשן „אַרבעטס-איינזאץ“ און געבן זיי דערמיט „לעבנס-מעגלעכקייטן“: עס זיינען געשאפן געווארן שניידער-ווארשטאטן, וואליקעס-שטרוי-שטריקעריי, שטיינגיסעריי, בוכבינדעריי און אלגעמיינע טעכנישע ווארשטאטן.

א גאנצע ריי עלטערע קינדער פון צען ביז פופצן יאר האבן פארלוירן אין די טראגישע געטא-באדינגונגען זייערע עלטערן און זיך געפונען פלוצלינג אויף דער גאס, אנגעוויזן אויף „אייגענע“ פארדינסטן („בעזפריזארניקי“). עס האבן זיך פון זיי געשאפן געוואגטע גנבים-גרופעס, וועלכע פלעגן דורכפירן ריזיקאלע „אונטערנעמונגען“ אין, און אויסערן געטא. זיי זיינען שפעטער ארגאניזירט געווארן, א דאנק דער איניציאטיוו פון דעם אדוואקאט מושקאט, אין א קינדער-ארטעל „טראנספארט-בריגאדע ילדים“, וועלכע פלעגן פירן אין געטא אויף ספעציעלע וועגעלעך משאות פון האלץ, ברעטער, בענק, בגדים, פעק וכד. דאס איז געווען א שטורמיש-פריילעכע בריגאדע, וואס פלעגט מיט אירע געשרייען און מיטן געזאנג „מיר קומען אן“ פארהילכן דעם געטא.

עס האבן אויך עקזיסטירט: אן אינטערנאט „ילדים“ אויף סטראשון גאס 4, וו עס האבן געוווינט און געלערנט פארשיידענע האנטווערקערייען יתומים-

ייגלעך אין שול־עלטער ; און אן אינטערנאט „ילדות“, ווו עס האבן געוווינט און געלערנט זיך — דערהויפט שניידעריי, יתומות אין שול־עלטער.

די טעטיקייט פון די אויבנדערמאנטע לער־אנשטאלטן, פאך־שולן, ווי אויך קינדער־אינסטיטוציעס „ילדים“ ו„ילדות“, זייערע אוונטן, פאראנשטאלטונגען, וואנט־צייטונגען, אויסשטעלונגען וכד. — דאס אלץ איז א באזונדער ברייטער און כאראקטעריסטישער קאפיטל אין דער געשיכטע פון געטא־ירושלים דליטא.

XIV.

# שול-מעדיצינישער צענטער

## א) אויפזיכט אויף דער יוגנט אין שול-עלטער.

די סאניטאר־היגיענישע אויפזיכט איבער דער יוגנט אין שול־עלטער פון זיבן ביז זעכצן יאָר, האָט געהאט דער שול־מעדיצינישער צענטער. זיין טעטיקייטס־שטח האָט אַרומגענומען די אנשטאלטן :

1) פאָלקסשול נומער 1
2) פאָלקסשול נומער 2
3) פאָלקסשול נומער 3
4) קינדערגאָרטן נומער 1
5) קינדערגאָרטן נומער 2
6) קינדערגאָרטן נומער 3
7) גימנאז.־קורסן
8) טעכנישע קורסן
9) רעליגיעזע שול נומער 1
10) רעליגיעזע שול נומער 2
11) ישיבה קטנה
12) טראנספאָרט-בריגאדע „ילדים"
13) אינטערנאט „ילדות"
14) אינטענאט „ילדים"

שפּעטער ווען עס זיינען געשאפן געוואָרן אין געטאָ קינדער־וואַ־שטאטן, האבן זיך, אונטער דער אויפזיכט פון שול־מעדיצינישן צענטער אויך געפונען די

1) טעכנישע ווארשטאטן
2) בוכבינדעריי־ווארשטאטן
3) שניידעריי־ווארשטאטן
4) וואָליקעס־ווארשטאטן
5) שטיינגיסעריי־ווארשטאטן
6) שטרוי־שטריקעריי־ווארשטאטן

# געטא-ווילנע

## שול-מעד. צענטער

**באוואכט דאס געזונט פון דער לערנדער און ארבעטנדער יוגנט אין געטא**



אין אלגעמיין זיינען געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון שול־מעדיצינישן צענטער איבער דריי טויזנט קינדער אין שול־עלטער. דער לייטער פון שול־מעדיצינישן צענטער איז געווען דער מחבר פון די שורות.

ב) טעטיקייט־צילן און סיסטעם.

די אויפגאַבן פון שול־מעדיצינישן צענטער איז באַשטאַנען אין: איבערוואַכן דאָס געזונט פון דער שול־יוגנט און פאַרהיטן אין די ספּעציפישע געטאָ־מעגלעכקייטן פון אַנשטעקנדיקע קראַנקייטן. יעדעס קינד פאַרן אַנקומען אין אַ וועלכן ניט איז לער־ אָדער פאַך־אַנשטאַלט, פלעגט מוזן פריער אונטערזוכט ווערן דורכן שול־מעדיצינישן דאָקטאָר, צי האָט עס ניט קיין אַנשטעקנדיקע קראַנקייטן (הויט־ק־אַנקייטן, סקאַביעס, פורונקלען, טראַכאָם) עווענטועל, צי איז עס ניט קיין טרעגער פון לייז און לייז־ניסלעך. קיין קינד איז ניט אַנגענומען געוואָרן אין קיין שום לער־ אָדער פאַך־אַנשטאַלט אָן אַ שריפטלעכער דערלויבעניש פון שול־מעדיצינישן צענטער. בכדי אַזאַ דערלויבעניש צו באַקומען, האָט דאָס קינד געמוזט זיין פולקום ריין (קערפּער, געזיכט, אויערן און אַ. וו.), געבאָדן אין סאַניטאַרן דורכלאָז־פונקט, — יונגלעך — נעט געשוירן, מיידלעך — קורץ געשוירן, אָן לייז און אָן ניסלעך ווי אויך קיין שום סימנים פון וועלכע ס'ניט איז אַנשטעקנדיקע קראַנקייטן.

די קינדער, וואָס פלעגן זיך נויטיקן אין טעראַפּיע, פלעגן אָפּגעשיקט ווערן אין געטאָ־אַמבולאַטאָריע אָדער אין געטאָ־שפּיטאָל. אין דער אַרבעט פון שול־מעדיצינישן צענטער האָבן אַ סך מיטגעהאָלפן: דר. עפּשטיין לאַזאַר, דר. שאַבאַד־גאַוראָנסקאַ, דר. פינקעלשטיין לאַזאַר, דר. קאַלאָדנער, דר. בערנשטיין, ווי אויך די קראַנקנשוועסטערס — טייטל, קיילסאָן און ביליסבערג.

די שול־שוועסטערס פלעגן סאַניטאַריש טעגלעך אונטערזוכן די קינדער, קלאַס נאָך קלאַס, און ביי יעדן פאַרדעכטיקן פאַל איבערשיקן צום קאָנטראָל אין שול־מעדיצינישן צענטער. יעדעס קינד פלעגט אונטערזוכט ווערן אין שול מינימום איין מאָל אין וואָך דורכן פּערסאָנאַל פון שול־מעדיצינישן צענטער. חוץ דעם, פלעגן די קינדער יעדע פּאָר חדשים געפירט ווערן אין שול־מעדיצינישן צענטער דורך זייערע לערערס, גרופּנווייז צום אַלגעמיינעם מעדיצינישן קאָנטראָל פון שול־מעדיצינישן דאָקטאָר.

אַ קינד, וואָס פלעגט זיבן טעג ניט באַזוכן אַן אַנשטאַלט, האָט געמוזט ווידער דורכגיין אין שול־מעדיצינישן צענטער אַ נייע אונטערזוכונג און מיטברענגען אַ שריפטלעכע דערלויבניש.

פאַרן אַנקומען אויף טעכנישע אַרבעטן אָדער וואַרשטאַטן, פלעגט דאָס קינד מוזן ברענגען פון שול־מעדיצינישן צענטער אַ קוואַליפיקאַציע־באַשטעטיקונג, צו וועלכן פאַך עס קאָן אָנגענומען ווערן. למשל, שמידעריי (גרעסערע אָנשטרענגונג), עלעקטראָטעכניק (לייכטערע אַרבעט).

## ג) צוגאָב־דערנערונג. מילך. וויטאַמינען־B

שוואַכערע קינדער פלעגן באַקומען (פריער 30, שפּעטער 120 קינדער א חודש) א צוגאָב־דערנערונג פון א פערטל קילאָ צוקער, א פערטל פּוטער, א פערטל גרויפּן, א האַלב קילאָ ווייסע מעל.

עס איז געלונגען אויף אומלעגאַלע וועגן אַריינצופירן (בעת דער צווייטער תקופה פון געטאָ) מילך פאַר שוואַכע קינדער, אַזוי אַז יעדעס שוואַכע שול־קינד האָט געקאָנט באַקומען איין גלאָז מילך טעגלעך. שפּעטער, אין די לעצטע געטאָ־חדשים, זומער 1943, איז געלונגען צו שאַפן פאַר יעדן שול־קינד אין געטאָ, אָן אויסנאַם, צו איין גלאָז מילך טעגלעך. ביי די גרויסע היצן פלעגט פאַר־טיילט ווערן זויערמילך און צוואָרעך.

יעדעס קינד, וואָס איז געווען קראַנק אויף הויט־אויסשיטונגען, פורונקלען אָדער איז געווען אַלגעמיין אָפּגעשוואַכט, פלעגט באַקומען אין שול־מעדיציניש צענטער פערצן טעג אומזיסט א גלאָז וויטאַמינען־ב־געטראַנק מיט צוקער.

## ד) קאַמף קעגן לייז, דיפטעריט, סקאַרלאַטין, סקאַביעס, טובערקולאָז, בויך־טיפוס.

דאָס צוזאַמענאַרבעט־מעסיקע שערן די קינדער, הן פּאַרן באַזוכן די שול־אַנ־שטאַלטן, הן פּעריאָדיש בשעת באַזוכן די שול־אַנשטאַלטן, האָט געבראַכט צו א שטאַרקער ריינקייט פון די קינדער. ווען מיר האָבן אָנגעהויבן אונזער שול־מע־דיצינישע טעטיקייט, האָט די צאָל פאַרלייזיקטע קינדער אויסגעמאַכט 80 פּראָצ. אין משך פון אייניקע חדשים איז די צאָל אַראָפּגעפאַלן ביז 4 פּראָצ., און שפּע־טער האָט זי זיך געהאַלטן אויפן ניוואָ פון 1 — 1,5. פּראָצ.

די שול־קינדער אין געטאָ זיינען געווען באַדייטנדיק ווייניקער פאַרלייזיקט און פאַרניסלט און אויך באַדייטנדיק ריינער, ווי די שול־קינדער אין די ווילנער פאָלקס־שולן פאַרן געטאָ.

ביי דער ענגשאַפט פון געטאָ האָט זיך אָנגעהויבן ביי די קינדער אַן עפּידע־מיע פון דיפטעריט. די קראַנקע זענען תיכף איזאָלירט געוואָרן און אָפּ־געשיקט געוואָרן אין שפּיטאָל. די שולן זענען געשלאָסן געוואָרן. די קינדער איז געמאַכט געוואָרן אַן אַנטי־דיפטעריטישע איינשפּריצונג. די דיפטעריט־נעסטן האָבן זיך געפונען אונטער א שטענדיקער אָבסערוואַציע פון שול־מעדיציני'שן צענטער.

ביים אויסברוך פון דער סקאַרלאַטין־עפּידעמיע זיינען אַלע קינדער־שולן געשלאָסן געוואָרן. די קינדער — איזאָלירט אין שפּיטאָל. די ווױ־נונגען דעזינפעקצירט, און אין יעדער וווינונג, וווּ עס איז געווען א פאַל פון סקאַרלאַטין, זיינען אַלע איבעריקע קינדער געווען אונטער א טעגלעכער אויפזיכט אין משך פון אייניקע וואָכן.

צוליב זיי ספּעציפישע געטאָ־באַדינגונגען האָט זיך באַוויזן אַ גרעסערע צאָל סקאַביעס־פאַלן ביי די קינדער אין געטאָ. אין ערשטן חודש פון דער שול־מעדיצי־נישער טעטיקייט איז ביי די קינדער פאַרנאָטירט געוואָרן 120 פאַלן סקאַביעס. אַלע קינדער זענען אָפּגעשיקט געוואָרן אויף קוראַציע אין אַנטי־סקאַביעס־פּונקט, און אין משך פון אַ קורצער צייט, איז אַראָפּגעפאַלן די צאָל קינדער־סקאַביעס ביז 3־2־1 פאַלן אַ חודש.

אַלע קינדער, פאַרדעכטיקטע אויף טובערקולאָזע פּראָצעסן זיינען געפירט גע־וואָרן צו רענטגען־דורכלויכטונגען און פּירקעט־פּראָבע. ביי די יעניקע, וואָס ביי זיי זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרן אַקטיווע טובערקולאָזע פּראָצעסן, זיינען זיי אָפּ־געשיקט געוואָרן אויף אָבסערוואַציע אין אַנטי־ט. ב. צ. דיספּאַנסער אָדער אויף היילונג אין שפּיטאָל.

בכדי צו פאַרהיטן זומער די קינדער פון בויך־טיפוס, פּאַרא־טיפוס און די־זענטעריע, זיינען די קינדער געאימפט געוואָרן מיט טעטרא־איינשפּריצונגען.

ה) וואַלד־שפּאַצירן.

זומער 1942 זיינען דערלויבט געוואָרן דורך דער דייטשער מאַכט קינדער־שפּאַצירונגען אין וואַלד זאַקרעט (אויסערן געטאָ). זיי פלעגן פּאָרקומען אונטער דער אויפזיכט פון לערערס און קראַנקנשוועסטער. דאָס שפּאַצירן פלעגט אַרויס־רופן אַ געוואַלדיקן ענטוזיאַזם ביי די קינדער. די עלטערן פלעגן שטיין ביים טויער און וואַרטן ביז וואַנען די קינדער וועלן צוריקקומען. זומער 1943 זיינען אַזעלכע שפּאַצירונגען שוין מער ניט פאָרגעקומען: מען האָט דאַן דערוואַרט, אַז עס זאָל פּאָרקומען „קינדער־אַרויספירונגען" . . .

ו) פאָרטראַגן פאַר קינדער און עלטערן.

ביי יעדן פאַל פון אַן עפּידעמיע אין געטאָ, שליסונג פון שולן, אימפונגען — פלעגן געהאַלטן ווערן דורך אונז פאָרטראַגן פאַר די עלטערן און קינדער. די קינדער פלעגן גערופן ווערן צו פרייוויליקע איינשפּריצונגען, בכדי דערמיט צו מאַכן זיך ווידערשטאַנדספעאיק קעגן קראַנקייטן און קאָנען דערלעבן בעסערע צייטן! דאַן פלעגט פּאָרקומען אַן אָפּשטימונג: ווער פון די קינדער וויל זיך פרייוויליק אימפן, און ווער נישט? אין רעזולטאַט פלעגט זיין אַ הונדערט־פּראָצענטיקע פרייוויליקייט: אַ ל ע קינדער ווילן אַ ל ץ טאָן, בכדי צו קאָנען דערלעבן . .

ז) די פאָרשטעלונג: „זיי אַ צוכט"!

בכדי צו פּראָפּאַגירן דעם געדאַנק פון היגיענע און ריינקייט צווישן די קינ־דער, האָבן די לערער איינגעאָרדנט אַ קינדער־פאָרשטעלונג, אונטערן נאָמען: „זיי אַ צוכט"! (זיי אַ ריינער!), מיט לידער, מוזיק און אַ באַלעט פון האַנטוך, בערשטל פון ציין, בערשטל פון זאַכן, זייפעלע „דופטיקן" און שערל פון נעגל!

ח) אַ קינדער יום־טוב אין שול־מעדיצינישן צענטער.

צום יאָרטאָג פון דער עקזיסטענץ פון שול־מעדיצינישן צענטער, איז איינ־

געאָרדנט געוואָרן אַ קינדער יום־טוב. מען האָט געטיילט די קינדער זיסע וויטאַ־מינען־געטראַנק, געהאַלטן פאַר זיי פאָרטראַגן וועגן ריינקייטס־פראַגן. די קינדער האָבן צוגעגרייט אייגענע טאַבעלן און בילדער, פאָרגעלייענט זעלבסטשאַפונגען.

זענדיק אין שול־מעדיצינישן צענטער אין המשך פון אַמאָליקן „ט אָ ז"־אָזע, האָבן די קינדער געזונגען דאָס ליד פון דער „טאָז"־קאָלאָניע אין ווילנע : "אין קאָלאָניע ט אָ ז — אויפן גרינעם גראָז — מאַמע, ס'איז געווען אַ מחיה ! " און געוווּנטשן זיך צו דערלעבן צו זיין ווייטע־ אין זומער־קאָלאָניעס אויף דער פריי.

## ט) די קינדער און דער שול־מעדיצינישער צענטער.

די קינדער פלעגן אָפט קומען אין שול־מעדיצינישן צענטער, בכדי פאָרצו־לייענען זייערע לידער (צווישן זיי — אַ זייער באַגאַבטער יונגער דיכטער פון אַ יאָר 12 — ב אָ מ ס. לעבט ער ווו ?), אַנדערע — אויסצודערציילן זייערע צ־רות. דער שול־מעדיצינישער צענטער פלעגט אינטערוועניר‌ן אין הילפס־קאָמי־טעט, ביי דער סאָציאַלער פאַרזאָרגונג און קריגן פאַר די אומפאַרמעגלעכע קינדער — שיך, קלומפעס, בגדים.

צווישן די קינדער פון די רעליגיעזע שולן אין געטאָ זיינען געווען אַ סך זייע־ אָפגעשוואַכטע, וועלכע האָבן בשום אופן נישט געוואָלט עסן דאָס געטאָ־פלייש (פון פערד). די מלמדים פלעגן צושיקן אין שול־מעדיצינישן צענטער די שוואַכע קינדער צו אונטערזוכונג ,און זיי פלעגן באַקומען אַ מעדיצינישן צעטל צום רבין, אַז ביז דער און דער דאַטע מ ע ג ן זיי עסן דאָס געטאָ־פלייש. דאַן פלעגן די מלמדים באַווירקן די קינדער אויסצופירן די מעדיצינישע פאַראָרדנונג.

די קינדער פון דער טעכנישער שול פלעגן מאַכן דיאַגראַמען פון דער אַרבעט פון שול־מעדיצינישן צענטער און באַפוצן דערמיט זיינע ווענט. איינע פון די דאָזיקע דיאַגראַמען, פון דעם קינד צפנת ווערט דאָ רעפּראָדוצירט.

איין מאָל האָט דער לע־ער פון ציי‌כנען אין דער פאָלקס־שול נומער איינס, אַ־ויסגעגעבן אַן אויפגאַבע פאַר די קינדער אַ־יסצומאָלן אין צייכנונגען און קאַ־ריקאַטורן די טעטיקייט פון שול־מעדיצינישן צענטער. עס האָט זיך דאַן אָנ־געקליבן אַ גאַנצע זאַמלונג זייער אינטערעסאַנטע און כאַראַקטעריסטישע קינדע־־בילדער און קאַריקאַטורן, דער עיקר, געווידמעט די אימפונגען, די צוואַנגסמעסיקע האָרשערונגען, דעם וויטאַמינען־געטראַנק, די סטרומאַ־אונטער־זוכונגען און די באַליבטע וואַלד־שפאַצירן. אַ סך קינדער האָבן זייערע בילדער באַצירט מיט לידער.; דאָס שרייבן לידער און דאָס אויסשרייען די געפילן — איז געווען אַ כאַראַקטעריסטישע דערשיינונג ביי די קינדער אין געטאָ.

XV.

# די עפּידעמישע קינדער־סטרומא.

א) סטאַטיסטיק.

אין געטאָ האָט זיך פּלוצים באַוויזן אַ מאַסן־דערשיינונג פון פאַרגרעסערטע שילד־דריזן (היפּערטראָפיאַ גלאַנדולע טיראָדעע) **Hypertrophia Gl. Thyrrhoideae** די דאָזיקע דערשיינונג איז גלייכצייטיק נאָטירט געוואָרן הן ביי קינדער ביז זיבן יאָר און הן ביי קינדער אין שול־עלטער. די דערשיינונג האָט אָנגענומען אַ פאָרם פון אַן עפּידעמיע. בכדי איינצופירן אַ סיסטעמאַטיק און מעטאָדע ביים אונטערזוכן די קינדער אויף סטרומא, האָבן מיר איינגעפירט אין שול־מעדיצינישן צענטער אָט די נאָמענקלאַטור:

1) $S_0$ — ווען ביי קיין שום מעטאָד פון אונטערזוכונג איז נישט פעסט־צושטעלן אַ פאַרגרעסערונג פון די שילד־דריזן.

2) $S_1$— עס ווערט אָנגעטאַפּט אַ שילד־דריז־פאַרגרעסערונג, ווען מען הייסט דאָס קינד אויפהויבן דעם קאָפּ און אַראָפּשלינגען שפּייעכץ אָדער וואַסער.

3) $S_2$ — אַ סטרומא, וואָס לאָזט זיך מערקן אויך אָן אויפהויבן דעם קאָפּ און אָן וואַסער שלינגען.

4) $S_3$ — אַ שטאַרק אומנאָרמאַל פאַרגרעסערטע דריז.

$S_{D1}$ $S_{D2}$ $S_{D3}$ — האָבן געהייסן די סטרומאַס, ספּעציעל פאַרגרעסערט אויף רעכטס.

$S_{G1}$ $S_{G2}$ $S_{G3}$ האָבן געהייסן די סטרומאַס, ספּעציעל פאַרגרעסערט אויף לינקס.

אין ווינטער 1942־1943 איז די סטרומאַ־עפּידעמיע דערגאַנגען ביי דער שול־יוגנט צו אַ מדרגה פון

25% — $S_0$

75% — $S_1 + S_2 + S_3$

דאָס הייסט, אַז פינף און זיבעציק פּראָצענט קינדער אין שול־עלטער האָבן געהאַט סטרומאַ־קראַנקייט. די סטרומאַ־אָנגעגריפענע קינדער האָבן זיך געטיילט,

לויט זייער גראַדאַציע — אויף ווי ווייט איך דערמאָן זיך — לויט פּאָלגנדיקע פּראָצענטן :

60% — $S_1$ 32, 5% — $S_2$ 7,5% — $S_3$

עס זיינען פּאַרנאָטירט געוואָרן זייער אַ סך פאַלן פון S d און כמעט גאָרניט פון S g די איבערוויגנדיקע מערהייט סטרומעס איז געווען סטרומאַ־דיפוזום פּארענכימאַטאָזום Struma diffusum parenchymatosum און נאָר זייער אַ קליינער טייל — סטרומאַ נאָדאָזום. Struma nodosum

אַ פּאַראַלעל שטייגערנדיקע סטרומאַ־עפּידעמיע האָט זיך אויך באַוויזן ביי די גאָר קליינע קינדער פון איין יאָר ביז זיבן.

## ב) די ווייסנשאַפטלעכע דיסקוסיע וועגן דער קינדער־סטרומאַ.

וואָס איז געווען די סיבה פון דער קינדער־סטרומע אין געטאָ ? — אויף דער דאָזיקער פראַגע האָט זיך אַנטוויקלט אַ זייער ברייטע דיסקוסיע אין די מעדיצינישע קרייזן.

דר. לאַזאַר פּ י נ ק ע ל ש ט יי ן איז אַרויס מיט דער טעזע : „די סטרומאַ־עפּידעמיע אין געטאָ איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך אַ יאָד־מאַנגל ביי די קינדער, אַלס פועל־יוצא פונעם פעלן די געהעריקע כמותן יאָד אין דער געטאָ־דערנערונג“ (פעלן פון פיש, גרינסן וכד.). צוזאַמען דערמיט האָט דר. פינקעלשטיין פאָרגעשלאָגן איינצופירן אַן אַ ל ג ע מ יי נ ע יאָד־צוואַנגס־פּראָפילאַקטיק און טעראַפּיע ביי אַלע קינדער, וועלכע געפינען זיך אונטערן קאָנטראָל, הן פון דער קינדער־אויפזיכט און הן פון שול־מעדיצינישן צענטער. די יאָד־פּראָפילאַקטיק־און טעראַפּיע זאָל געגעבן ווערן אין די שולן בשעת די לימודים אָבליגאַטאָריש.

די טעזע פון דעם שרייבער פון די שורות איז געווען : „די סיבה פון דער קינ־דער־סטרומאַ אין געטאָ איז נאָך נישט קלאָר באַקאַנט : עס זיינען נאָטירט געוואָרן פאַלן פון פאַרגרעסערטע סטרומאַס ביי יידישע קינדער, וועלכע האָבן זיך ג ו ט דערנערט און אויסבאַהאַלטן זיך אין די וועלדער ביי קריסטן. עס זיינען אויך דאָ געגויע ידיעות, אַז ביי קריסטלעכע קינדער אויסערן געטאָ, איז אויך פאַר־צייכנט געוואָרן אַ גרעסערע צאָל סטרומאַס. די סטרומאַס קאָנען זיך דעריבער אָנ־רופן נישט נאָר „סטרומאַ געטיקאַ“ נאָר „סטרומאַ בעליקאַ“ (מלחמה־סטרומאַ), זי קאָן זיין אַרויסגערופן דורך פּסיכישע מאָמענטן (מלחמה־איבערלעבונגען), סאַניטאַרע באַדינגונגען (שטויב־רייצונגען) און האָרמאָנאַלע סיבות. מען מוז צוטרעטן צו דער פּראָפאַפּילאַקטיק און טעראַפּיע מיט גרויסער פּ אָ ר־ ז י כ ט, בעיקר ביי דעם ל אַ ב י ל ן אָרגאַניזם פון די געטאָ־קינדער, און ספּעציעל אין דער ר יי פ ק יי ט ס ־ ת ק ו פ ה פון דער געטאָ־יוגנט (וועלכע האָט זיך מאַניפעסטירט אין געטאָ פריער ווי נאָרמאַל).

## ג) קינדער־סטרומאַ־קאָמיסיע.

עס איז אַנטשטאַנען אַ קאָמיסיע צו פאָרשן די פּראָבלעמען פון דער

קינדער־סטרומא אין געטאָ, און די אופנים פון איר פּראָפילאַקטיק און טעראַפּיע. דער צוזאַמענשטעל פון דער קאָמיסיע איז געווען: דר. לאַזאַר פינקעלשטיין, דר. שאַבאַד־גאַווראַנסקאַ, דר. לידסקאַ, דר. ברייטבאַרט, דר. בראָדסקי, דר. דוואָרזשעצקי. בשעת די פאָרשונגען איז אַנטשטאַנען אויך דער געדאַנק, אַז די סיבה פון דער סטרומא אין ווילנע זאָל זיין אַרויסגערופן געוואָרן דורכן מאַנגל פון יאָד אין דער ווילנער קאַנאַליזאַציע־סיסטעם. האַרט פאַר דער דייטשער אָקופּאַציע איז אויסגעבראָכן אין ווילנע אַ „גאַסטראָ־ענטעראָ־קאָליטישע" עפּידעמיע (מאָגן־ און דאַרם־אַנטצינדונגס־עפּידעמיע), און די וואַסערן זענען כלאָרירט געוואָרן, בכדי צו פאַרניכטן די מיקראָבן. דער כלאָר, פאַר־בינדנדיק זיך מיטן יאָד פון די וואַסערן, האָט געקאָנט אָרעם מאַכן דאָס וואַסער פון ווילנע אין יאָד — און, אַזוי אַרום, ברענגען צו דער סטרומאַ־עפּידעמיע.

### ד) דער צוריקפאַל פון דער קינדער־סטרומאַ־עפּידעמיע.

אין רעזולטאַט פון די פאָרשונגען און פּראָבן, האָבן אַ טייל קינדער אין געטאָ אָנגעהויבן צו באַקומען מילך מיט יאָד־טראָפּנס „סאָל־די־יאָד". אַן אַנדערע גרופּע האָט באַקומען נאָר גרינס און פישעלעך. אַ דריטער גרופּע איז גאָר־נישט געגעבן געוואָרן, נאָר מען האָט דערמעגלעכט די קינדער צו געניסן וואָס מער זון און לופט. עס איז אָנגעקומען דער זומער 1943, און די סטרומאַ האָט אָנגע־הויבן שנעל צו פאַרקלענערן זיך און פאַרשווינדן ביי אַ ל ע גרופּן קינדער: הן ביי די, וועלכע האָבן באַקומען יאָד, והן ביי די, וועלכע האָבן יאָד נישט באַ־קומען, נאָר פישעלעך און אַ סך גרינסן — והן ביי די, וואָס זייער איינציקער שינוי אין לעבן איז געווען: מ ע ר זון און לופט!

דיווירקלעכע סיבה פונעם אַנטשטיין און צוריקפאַל פון דער קינדער־סטרומאַ אין ווילנער געטאָ איז געבליבן אומקלאָר. עס וואָלט געווען אינטערעסאַנט עס צו פאַרגלייכן מיט אָבסערוואַציעס פון דאָקטוירים, איבערגעבליבענע פון די אַנדערע געטאָס אין פּוילן און ליטע.

XVI.

# ספּאָרט אין ווילנער געטאָ

## א) ספּאָרט־קלוב.

אין ווילנער געטאָ האָט זיך אָרגאַניזירט אַ ספּאָרט־קלוב פון דער יוגנט. דער לייטער פון ספּאָרט־קלוב איז געווען יאשאַ גאַטליב, אַ געוועזענער אַקטיווער טוער אין ווילנער יידישן אַקאַדעמישן ספּאָרט־קלוב. אויפן טויער פון יידן־ראַט, אויף רודניצקער גאַס 6, פלעגט הענגען יעדע וואָך אַ רשימה פון די טורן־שעהן. די איבונגען פלעגן פאָרקומען ווינטערצייט אין געוועזענעם זאַל פון דער רעאַל־גימנאַזיע, און זומער — אויף אַ ספּעציעלן ספּאָרט־פּלאַץ אויף סטראַשון גאַס 6. די דערעפענונג פון ספּאָרט־פּלאַץ איז פאָרגעקומען ביי אַ גרויסער פייערונג מיט אַ ספּאָרט יום־טוב. דער יידישער געטאָ־קאָמענדאַנט, יעקב גענס און דר. מילקאָנאָוויצקי, אַלס פאָרשטייער פון געזונטהייטס־אַמט, האָבן געהאַלטן פייערלעכע רעדעס. עס זענען אויך פאָרגעקומען אויפנאַמען פון די פאַרזאַמלטע און פון דער ספּאָרטלער־יוגנט. דער ספּאָרט־קלוב פלעגט איינאָרדנען אָפּטערע ספּאָרט־יום־טובים און מעטשן צווישן אייניקע קאָמאַנדאָס, צווישן וועלכע איך דערמאָן זיך: „קיילים־איינהייט", „ה. ק. פ.־איינהייט" און „געטאָ־פּאָליציי־איינהייט". די אַמייסטן געאיבטע ספּאָרט־צווייגן זענען געווען: לייכט־אַטלעטיק, באַסקעט־באָל, פוטבאָל, באָקס. אויפן ספּאָרט־פּלאַץ פלעגן די קינדער טורנען אונטער דער אויפזיכט פון זייערע לערערס. אַלס לערער פון גימנאַסטיק אין די געטאָ־שולן, דערמאָן איך מיך די נעמען: גלעזער און גליאָט.

## ב) געטאָ־אָלימפּיאַדע.

עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ געטאָ־אָלימפּיאַדע מיט אַ גאַסן־לויף פון מענער־גרופּן און פרויען־גרופּן. די לויף־שטרעקע איז געווען פון ספּאָרט־פּלאַץ, סטראַשונער 6, ביזן הויף פון יידן־ראַט, רודניצקאַ 6, און צוריק. אויפן וועג זיינען געווען אויסגעשטעלט שטאַפּעטן מיט ספּעציעלע פאָנען. די יידישע געטאָ־פּאָליציי האָט אָפּגעהאַלטן די באַוועגונג אין געטאָ, בכדי צו דערמעגלעכן דעם געלויף.

די בעסטע לויפער האָבן באַקומען פּרעמיעס. די טראָטואַרן פון געטאָ זיינען געווען איבערפולט מיט יידן, וועלכע זיינען אַרויס זען, ווי די „יוגנט וויל זיך פאַרגעסן". אין דער לויפט האָבן געהאָנגען די שווערע כמאַרעס פון די אָנקומענדיקע אַרויספירונגען אין די קאָנצענט־אַציע־לאַגערן אין עסטלאַנד.

די פענצטער פון די קריסטלעכע גאַסן, וועלכע האָבן אַרומגערינגלט דעם געטאָ, זיינען געווען איבערפולט מיט קריסטן, וועלכע האָבן פאַרחידושט גע־קוקט אויף דער געטאָ־אָלימפּיאַדע, ווי אויף אַן אומדערקלערלעכער דערשיינונג, ווי אויף אַ „סעודה אין צייט פון אַ מגפה" . . .

XVII.

# די יידישע דאָקטוירים אין געזעלשאַפטלעכן לעבן

## א) ד"ר יעקב וויגאָדסקי.

ווי אַ לעגענדע האָט געלויכטן אין ווילנער געטאָ דער נאָמען פון יידישן פאָלקס־דאָקטאָר, געוועזענער פאָרזיצער פון ווילנער יידישער קהלה, דר. יעקב וו י ג אָ ד ס ק י.

ער איז שוין אַלט געווען 86 יאָר, ווען די דייטשן זיינען אריין אין ווילנע. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די יידן־פאַרפאָלגונגען, דאָס כאַפּעניש און פאַרשווינדן פון די יידן. טריי זיין לעבנס־וועג — מוטיק צו פאַרטיידיקן די יידישע אינטערעסן און דעם יידישן כבוד — איז ער אַוועק צו דער דייטשער מאַכט פּ ר אָ ט ע ס ־ ט י ר ן קעגן די עוולות און פ אָ ד ע ר ן גערעכטיקייט. ער איז צעשלאָגן און אָראָפּגעוואָרפן געוואָרן פון די טרעפּ, שפּעטער ארעסטירט געוואָרן פון די ס. ס. און אומגעקומען אין דער לוקישער תפיסה. די יידן, וואָס זיינען ארויס פון דער תפיסה, האָבן דערציילט, אַז דר. יעקב וויגאָדסקי האָט זיי געמוטיקט די גאַנצע צייט און האָט זיי גערופן צו פאַרניכטן אַלע געלטער און קאָסט־באַרקייטן, וואָס זיי האָבן געהאַט ביי זיך, בכדי דאָס זאָל אין פאַל פון אומ־קום, נישט אריינפאַלן אין די דייטשע הענט.

דר. יעקב וו י ג אָ ד ס ק י איז געבוירן געוואָרן אין 1855, געענדיקט מעדיקאָ־כירורגיע אין פּעטערסבורג, אין יאָר 1884 זיך באַזעצט אין ווילנע, אין 1908 געוואָרן דער ערשטער פאָרזיצער פון ווילנער יידישן דאָקטוירים־קרייז, וואָס ער איז געווען איינער פון זיינע גרינדער.

אין יאָר 1917, אין דער צייט פון דער ערשטער דייטשער אָקופּאַציע אין ווילנע, איז דר. וויגאָדסקי פאַרשיקט געוואָרן אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער פאַר פּראָטעסטירן קעגן די דייטשע בגישות אויף די יידן. ווען מען האָט אים געפירט אַן אַרעסטירטן, האָט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אים באַגלייט צו דער באַן, אויס־דריקנדיק אים אירע סימפּאַטיעס אַלס פאַרטיידיקער פון יידישע רעכט.

צוריקקומענדיק 1918 פון לאַגער, ווערט דר. וויגאָדסקי דער אָנפירער פון יידנטום אין ירושלים דליטא, פאָרזיצער פון ווילנער קהלה, מיטגליד פון ווילנער שטאָט־ראַט, פאָרזיצער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, ווילנער יידישער דעפּוטאַט אין סיים. ער פאַרעפנטלעכט אַ גאַנצע ריי מעמואַרן־ביכער: „אין

שטורם" (זכרונות פון די דייטשע אָקופּאַציע־יאָרן), „אין גיהינום" (זכרונות פון די דייטשע געפאַנגען־לאַגערם).

דר. וויגאָדסקי איז געווען די באַליבטסטע פּערזאָן ביי די ווילנער יידן. די אָרעמע סטראַגאַן־הענדלער, די יידישע פישערקעס, די בעלי־מלאכות, האַנט־ווערקער און קליינהענדלער, די יידישע סטודענטנשאַפט — אַלע האָבן אין אים געהאַט זייער אומדערמידלעכן פּאַרטיידיקער קעגן די נגישות פון די פּוילישע אַנטיסעמיטן. מען האָט אים אָנגערופן „ד ע ר פ אָ ט ע ר פ ו ן ד ע ר י י ד י ש ע ר ו ו י ל נ ע".

זיין מאַרטירער־טויט אין קאַמף פאַרן פּאַרטיידיקן דעם יידישן כבוד אונטערן נאַצי־שטיוול איז געווען פאַר דער יידישער יוגנט אין געטאָ אַ רוף און אַ סימבאָל פון מוטיקן ווידערשטאַנד.

## ב) ד"ר גרשון גרשוני.

עס האָט ניט געקאָנט אריבערטראָגן דאָס שפּלותדיקע לעבן אין געטאָ און די מענטשלעכע געפאַלנקייט — דער שטאָלצער ערן־פּאָרזיצער פון ווילנער יידישן דאָקטוירים־פאַריין, דר. גרשון גרשוני. ער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין די ערשטע וואָכן פון געטאָ.

געבוירן אין יאָר 1860, אַ קרוב פון באַקאַנטן רעוואָלוציאָנער גרשוני, איינער פון די ערשטע חובבי־ציון אין ווילנע, אַן עניו און אַ מתמיד, אַן ערנסטער וויסנשאַפטסמאַן, ספּעציאַליסט פון דערמאַטאָלאָגיע, איינער פון די גרינדער פון דער מלאכה־געז. „הילף דורך אַרבעט", אַקטיווער טוער אין „אָזע־טאָז", — איז ער געווען זייער באַליבט און געאַכטעט ביי די יידישע דאָקטוירים און ביי אַלע געזעל־שאַפטלעכע יידישע קרייזן, און געווען דער נאָענטסטער פריינט פון דר. יעקב וויגאָדסקי.

איין און אַכציק יאָר איז ער אַלט געווען ביים באַגיין זעלבסטמאָרד. ווען מען האָט זיך באַמיט צו קריגן פאַר די דאָקטוירים לעבנס־שיינען, האָט ער זיך אָ פּ ג ע ז אָ ג ט פון נעמען פאַר זיך אַ שיין. ער האָט געזאָגט : „זאָלן דאָס נעמען די יונגע, איך דאַרף שוין ניש־ט".

זיין זעלבסטמאָרד האָט דער געטאָ אויפגענומען אַלס פּראָטעסט קעגן דער הערשאַפט פון בעסטיאַליטעט און פאַרשקלאַפונג מצד אַ מענטשן, וואָס האָט אויסגעלעבט אַ לאַנג לעבן אין יידישער און מענטשלעכער ווירדע. זיין אָרון האָט מען געטראָגן אויף די הענט. אַלע יידן האָבן אים באַגלייט ביזן געטאָ־טויער און אים באַוויינט אויף טרויער־פאַרזאַמלונגען.

## ג) דעם זכרון פון ד"ר צמח שאַבאַד.

אויף פאַרזאַמלונגען אין געטאָ פלעגט אָפט דערמאָנט ווער־ן דער נאָמען

פון ד"ר צ מ ח ש אַ ב אַ ד, דעם יידישן פאָלקס־דאָקטאָר און קינדער־פריינט, גרינדער פון אָ ז ע ־ ט אָ ז אין ווילנע און רעדאַקטאָר פון „פאָלקס־געזונט", געוועזענער פירער פון דער פאָלקס־פאַרטיי, שול־טוער און מיטגרינדער פון „יי וו אָ". ער איז געווען אין געזעלשאַפטלעכער הינזיכט אַן אידעאַלער צוגאָב צו דר. וויגאָדסקין. ווען ווילנער יידנטום האָט געוויילט דר. וויגאָדסקין אין סיים, פלעגט ד"ר שאַבאַד געוויילט ווערן אין סענאַט. און הגם געשטאָרבן אין יאָר 1936, איז זיין זכרון געווען אַזוי לעבעדיק, אַז מען פלעגט אין געטאָ איינ־אָרדנען געדענק־אָוונטן צו זיין יאָרצייט.

ווי אַ ווילדע איראָניע איז פאַר אַלעמען געווען דער פאַקט וואָס דווקא אין דער "אָזע"־קינדער־קאָלאָניע אויפן נאָמען פון דר. שאַבאַד אין פאָספעשקי, האָבן די ס.ס.־לייט אויסגעקליבן צו אַראַנזשירן דעם טרויעריקן וויץ פון אַ פאַר־טאָגיקן „פענסיאָן" מיט ספעציעלער גוטער פאַרפלעגונג פאַר די זקנים פון געטאָ, וועלכע זיינען געלעגן אין די ווייס־פאַרבעטע קינדער־בעטלעך פון דער קאָלאָניע און וועלכע מען האָט, — נאָך אַ פאָטאָגראַפירן אין דער אָנוועזנהייט פון איינגעלאַדענע אויסלענדישע געסט, ביי אַ גוטער שטימונג — אַוועקגעפירט צום טויט . . .

### ד) אין געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט.

דער יידנראַט פון געטאָ איז געווען נאָמינירט פון דער דייטשער מאַכט. די פאַרשיידענע אונטערערדישע געזעלשאַפטלעכע גרופירונגען און פאַרטייען אין געטאָ האָבן, ווי שוין פריער דערמאָנט, לויט איינגענער איניציאַטיוו, געשאַפן אַ געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ מין יידישן פאַרלאַמענט אין געטאָ. דר. לייב פ אָ מ ע ר אַ נ ץ איז געווען איינער פון די איניציאַטאָרן פון געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט.

אַרבעטנדיק אין געזעלשאַפטלעכן הילפס־קאָמיטעט אַלס גענעראַל־סעק־רעטאַר, געשיקט פון דער אונטערערדישער גרופע, צו וועלכער איך האָב אָנגע־הערט, פלעג איך באַוואונדערן די מי־פולע, איבערגעגעבענע, פרייוויליקע אַרבעט פון ד"ר יצחק רוטשניק און ד"ר משה גירשאָוויטש, ביים צונויפזאַמלען די פאָנדן פאַרן קאָמיטעט.

### ה) אין ליטעראַרישן און וויסנשאַפטלעכן געטאָ־לעבן.

דר. ע פ ש ט יי ן לאַזאַר האָט געשריבן אַ טאָג־בוך, געווידמעט אַלע לויפנדיקע דערשיינונגען און שנויים אין סאַניטאַרן מצב פון געטאָ און אין דעם באַקעמפן די קלעפיקע קראַנקייטן. דאָס טאָג־בוך איז געווען רייך אין סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן. ער האָט אויך אָנגעשריבן אַ לענגערע פאָעמע וועגן לעבן אין ווילנער געטאָ און אין די אַרומיקע אַרבעטס־לאַגערן. טיילן פון דער פאָעמע האָט ער מיר פאָרגעלייענט.

דר. ר ו ט ש נ י ק יצחק האָט געשריבן אַ גרעסער ווערק וועגן אויגן־קראַנקייטן ביי יידן.

ד"ר ג י ר ש אָ ו י ט ש משה האָט אָנגעשריבן אַ גרעסער ווערק וועגן דיעטיע־פּראָבלעמען אין געטאָ.

ד"ר ז אַ ל ק י נ ד ס אָ ן י ו נ י אָ ר, וועלכער איז געווען אַן אויסערסט באַגאַבטער אַסטראָנאָם און מאַטעמאַטיקער, האָט אָנגעשריבן אַ גרעסער בוך וועגן מאַטעמאַטיק. ס'איז געלונגען דאָס בוך אַרויסצוטראָגן אויסע־ן געטאָ, און די ווילנער פּראָפעסאָרן פון מאַטעמאַטיק האָבן זיך וועגן אים אָפּגערופן מיט באַגייסטערונג.

ד"ר לאזאר פ י נ ק ע ל ש ט יי ן האָט איבערגעזעצט אויף יידיש אַ גאַנצע ריי אָפּהאַנדלונגען פון פראַנצויזישע, דייטשע און רוסישע ווערק, בנוגע דער פּ־אַגע פון „קינדער־סטרומא".

ה־. וו אָ ל ק אָ ו י ס ק י לעאָן האָט אָנגעשריבן אויף פּויליש אַ ליד וועגן טויט־פעלד פּאָנאַר, אונטערן נאָמען : „טיכא, טיכא, סערצא פּלאַטשאָן" (שטילער, שטילער, הערצער וויינען), וואָס איז לכתחילה איבערגעזעצט געוואָרן אויף יידיש דורכן דיכטער שמערל קאַטשערגינסקי און שפּעטער פּולקום פריי איבע־געדיכטעט געוואָרן אַלס וויגליד פון פּאָנאַר — „שטילער, שטילער". די מוזיק צום ליד האָט אָנגעשריבן ד"ר וואָלקאָוויסקיס זון, אַלעק וואָלקאָוויסקי. „שטילער, שטילער", אין די ווערטער פון ש. קאַטשע־גינסקי און מוזיק פון אַלעק וואָלקאָוויסקי איז געוואָרן אַ ליד, וואָס קינד און קייט אין געטאָ האָבן עס געזונגען, ווי אויך אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

## ו) אין דער פּאַרטיזאַנען־באַוועגונג

עס איז געלונגען אַרויסצוגיין אין די וועלדער מיט די פּאַרטיזאַנען צווישן אַנדערע, די דאָקטוירים : פּייסאַכאָוויטש, קאַלמאַנאָוויטש, גאָרדאָן, גאָרפינקעל. ווי מען האָט שפּעטער דערציילט, איז דר. קאַלמאַנאָוויטש אויסגעצייכנט געוואָרן פאַר זיין ענע־גישער אַרבעט ביים אויפשטעלן אַ שפּיטאָל פאַר די פּאַרטיזאַנען.

XVIII.

# יידישער דאָקטוירים-פֿאַריין אין געטאָ.

## א) טעטיקייט.

אין משך פֿון עטלעכע צענדליק יאָרן פֿ אַ ר ! געטאָ, האָט אין ווילנע עקזיסטירט אַ יידישער דאָקטוירים־פֿאַריין, ווו עס פֿלעגן זיך צונויפֿקלייבן וועכנטלעך די יידישע דאָקטוירים, בכדי צו האַלטן יידישע פֿאָרט־אַגן און באַ־טראַכטן אינאיינעם די געמיינזאַמע פֿראַגן, וועלכע האָבן זיי געבונדן אַלס יידישע דאָקטוירים. אין געטאָ האָבן די יידישע דאָקטוירים געצויגן די אַלטע טראַדיציע און געגרינדעט אַ יידישן דאָקטוירים־פֿאַריין פֿון ווילנער געטאָ. דער עיקר פֿון זיין טעטיקייט זיינען געווען די „פֿרייטאָג־צונאַכטן", אויף וועלכע עס פֿלעגן פֿאָרקומען פֿאָרט־אַגן אויף וויסנשאַפֿטלעכע טעמעס, געוויינלעך געבונדן מיט מעדיצינישע פּראָבלעמען פֿון געטאָ־לעבן. די פֿאָרטראַגן פֿלעגן פֿאָרקומען דאָס רוב אין יידיש, צייטנוויז אין רוסיש און אין פּויליש (פֿון איינגעוואַנדערטע דאָקטוירים). נאָך די פֿאָרטראַגן פֿלעגן פֿאָרקומען דיסקוסיעס, וואָס אין זיי פֿלעגן די דאָקטוירים ביישטײַערן זייערע באַמערקונגען, הסכמות אָדער ניט־צו־שטימונגען צו די טעזן פֿון רעפֿערענט; עווענטועל צוגעבן נייע, דורך זיי באַאָבאַכטעטע פֿאַקטן.

פֿון די פֿאָרטראַגן דערמאָנט זיך מיר: דר. פֿינגערהוט, דר. סעדלים: „וועגן פֿאַרהיטן זיך פֿון דער שוואַנגערשאַפֿט ביי די געטאָ־באַדינגונגען" און „וועגן די סיבות פֿון אַמענאָרעאַ" (מאַנגל פֿון מענסטרואַציע) אין געטאָ."

אין צוזאַמענהאַנג מיט דער מאַסן־דערשיינונג אין געטאָ פֿון ג ע ש ווי־ל ע כ ץ א ו י פֿ ן פּ נ י ם א ו ן פֿ י ס, זיינען פֿאָרגעקומען אַ גאַנצע ריי פֿאָרטראַגן וועגן די סיבות פֿון די געשווילעכצן אין געטאָ. רעפֿערענטן: דר. גירשאָוויטש, דר. בוראַק, דר. קאַפּלאַן, דר. פּאָמעראַנץ און אַנדערע. ביידע פֿראַגעס האָבן אַרויסגערופֿן אַ זייער לעבעדיקן אינטערעס. אַ גרויסע, צייטנוויז ליידנשאַפֿטלעכע דיסקוסיע, וועלכע האָט פֿאַרנומען אַ גאַנצע ריי זיצונגען, איז געווען געווידמעט דער אויבנדערמאָנטער „קינדער־סטומאַ־עפּידעמיע אין געטאָ". מיט פֿלייס האָט מען געזוכט די סיבות פֿון דער דאָזיקער עפּידעמיע און די מעטאָדן פֿון היילן און פֿאַרהיטן. אין דער לויף האָט שוין דעמאָלט געשמעקט מיט דער אָנקומענדיקער ליקווידאַציע פֿונעם געטאָ.

ווייטערע רעפֿעראַטן — „סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישע טעטיקייט אין געטאָ" (דר. לאַזאַר עפּשטיין), „קינדער אויפֿזיכט אין געטאָ" (דר. שאַבאַד־

גאַוואָנסקאַ), „דער שול־מעדיצינישער צענטער און זיין טעטיקייט" (דר. דוואָרזשעצקי), „נייע אויספאָרשונגען און אַנטדעקונגען וועגן וויטאַמינען" (מאַגיסטער סלוצקי), „וויטאַמינען־פּראָדוקציע און איר וויכטיקייט אין געטאָ" (ד"ר גירשאָוויטש), „וועגן האַרץ־קראַנקייטן" (ד"ר בוראַק) און א. וו. און ד. ג. אייניקע אָוונטן זיינען געווען געווידמעט דעם זכרון פון די פאַרשטאָרבענע ווילנער דאָקטוירים, ווי: דר. צמח שאַבאַד (יאָרצייט), דר. יעקב וויגאָדסקי, דר. גרשון געַרשוני.

## ב) מעדיצינישע ביכער.

פון מעדיצינישע ביכער איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן די ביבליאָטעק פון יידישן שפּיטאָל, אויך יעדער דאָקטאָר האָט, גייענדיק אין געטאָ, מיט זיך גענומען עפּעס אַ וויכטיק בוך פון זיין ספּעציאַליטעט. אַרבעטער פון „דייטשן סאַני־טעטס־פּאַרק" אָדער קריגס־לאַזאַרעטן, פלעגן אַמאָל גנבענען און ברענגען אַ מתנה פאַר די דאָקטוירים אַ מעדיצינישן זשורנאַל פון מלחמה־צייט. אַ סאָוויעטישער דיקער בוך פון סאַניטאַרע פאַרשריפטן וועגן קאַמף קעגן עפּידעמישע קראַנקייטן, אַרויסגעגעבן אין יאָר 1941, האָט קורסירט צווישן די דאָקטוירים אין געטאָ און האָט געדינט אַלס אַ פּוסק־אחרון אין אַ סך טאָג־טעגלעכע פראַגן פון דער סאַניטאַר־עפּידעמיאָלאָגישער אָפּטיילונג (מען האָט עס אָנגערופן: „דאָס רויטע בוך"). דר. רוטשניק האָט באַקומען — איך ווייס ניט, אויף וועלכן וועג — אַ מתנה: אַ נומער פון אַמעריקאַנער „הרופא העברי", אַרויסגעגעבן אין קריגס־צייט, האָט דאָס קורסירט אין געטאָ ווי אַ גרוס פון יענער וועלט . . . דר. עמנואל עפּשטיין האָט איבערגעזעצט אויף יידיש פון יענעם „הרופא" — פאַר רוטשניקן — דעם קאַפּיטל וועגן אויגן־קראַנקייטן ביי יידן.

## ג) קאָנטאַקט מיט דער אויסערלעכער מעדיצינישער וועלט.

ווען עס האָט אויסגעבראָכן אין אַ ריי פּונקטן פון ווילנער פּראָווינץ די עפּידעמיע פון פלעק־טיפוס, האָבן די יידישע דאָקטוירים זיך געוואָנדן צו דער דייטשער מאַכט מיט דער אָפערטע אַרויסצופאָרן אין די פּונקטן צו באַקעמפן דעם פלעק־טיפוס ביי דער ניט־יידישער באַפעלקערונג.

עס זיינען געווען אייניקע פאַלן, ווען די פּוילישע פּראָפעסאָרן זיינען געקומען אין ווילנער געטאָ אויף קאָנסולטאַציעס און שווערע אָפּעראַציעס. איך דערמאָן זיך, אַז דער פּויליש־טשעכישער כירורג, פּראָפעסאָר מיכיידאַ האָט אָפּערירט אין געטאָ־שפּיטאָל אינזשענער ליליענהיים, פּאַליציאַנט פּעַסטער, ד"ר עמנואל כאַלעם און אַנדערע. איך דערמאָן זיך, ווי דער ליטער פון אַנטי־ראַק־אינסטיטוט אין ווילנע, פּראָפעסאָר פּעלטשאַר, איז געקומען אויף אַ קאָנסוליום בשעת דער קראַנקייט פון דער לערערין אסתר אַליצקי, פרוי פון משה אַליצקי (ערשטער גרינדער פון געטאָ־שול־וועזן). דער געוועזענער רעקטאָר פון ווילנער אוניווערזיטעט, פּראָפעסאָר פון אינערלעכע קראַנקייטן, יאַנושקעוויטש, איז געקומען

אין געטאָ אויף אייניקע קאָנסיליומס. ווען עס האָט אויסגעבראָכן די קינדער־סטרומא־עפּידעמיע, האָבן די יידישע דאָקטוירים פון געטאָ זיך געשטעלט אין קאָנטאַקט מיטן באַקאַנטן פּראָפעסאָר פאַר קינדער־קראַנקייטן, בויאַק, און אים אָנגעפרעגט, צי עס עקזיסטירט אַזאַ ענלעכע קראַנקייט ביי די קריסטלעכע קינדער, — און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויך דאָרט איז געווען אַ געוויסע ניט־נאָרמאַלע צאָל קינדער־סטרומאס. די פּראָפעסאָרן פלעגן, געוויינלעך, נעמען פאַר אַ קאָנסיליום טויזנט רובל (אַ מאָנאַט שכירות פון אַ געטאָ־אָנגעשטעלטן האָט דאַן אויסגעמאַכט דריי הונדערט ביז דריי הונדערט פופציק רובל ! ). עס זיינען געווען פאַלן, ווען די פּראָפעסאָרן האָבן געמאַכט הנחות אויף פינף הונדערט רובל, און אויך פאַלן, ווען זיי פלעגן ביי דער געלעגנהייט פון שוין זיין אין שפּיטאָל, אויך באַטראַכטן אומזיסט אַ חולה. אַן אָ ר ג אַ נ י ז י ר ט ע הילף פון די פּוילישע און ליטווישע מעדיצינער פאַר די יידישע מעדיצינער אָדער קראַנקע אין געטאָ איז נ י ט געווען, פּונקט ווי עס איז, בדרך כלל ניט געווען, חוץ זעלטענע אויסנאַמען, קיין שום הילף פאַרן געטאָ־ווילנע מצד דער פּוילישער און ליטווישער באַפעלקערונג.

XIX.

# פאלקס-געזונט.

בכדי צו געבן דעם געטאָ-עולם די מעגלעכקייט צו האָבן מעדיצינישע פּאָפּולערע פאָרטראַגן אויף פראַגן פון היגיענע, ספּעציפישע געטאָ-קראַנקייטן, אין אַ לייכטער און ניט דערמידנדיקער פאָרם, איז אויפגעקומען דער געדאַנק אַרויסצוגעבן דעם "פ אָ ל ק ס - ג ע ז ו נ ט" (געוועזענער צענטראַל-אָרגאַן פון אָ ז ע אין פּוילן), אין דער פאָרם פון אַ לעבעדיקער ציַיטונג.

יעדע צווייטע וואָך פלעגט פאָרקומען אין זאַל פון געטאָ-טעאַטער (געוועזענער קליינשטאָט-זאַל) דאָס עפנטלעכע לעבעדיקע „פאָלקס-געזונט", בשעת וועלכן די דאָקטוירים פלעגן פאָרלעזן פאַר דעם עולם אין אַ פּאָפּולערער פאָרם זייערע אַרטיקלען. די טעמאַטיק פון „פאָלקסגעזונט" איז געווען געווידמעט, דער עיקר, דעם קאַמף קעגן אינפעקציע קראַנקייטן ביי די ספּעציפישע געטאָ-באַדינגונגען. אַ גאַנצע ריי פראַגן פון ספּעציפיש-פּאַטאָלאָגישע געטאָ-דערשיינונגען, וואָס זיינען פריער דיסקוטירט געוואָרן אין דאָקטוירים-פאַריין, פלעגן דערנאָך געגעבן ווערן אין אַ פּאָפּולערער פאָרם אין „פאָלקסגעזונט". למשל, די פראַגן: וואָס זאָל מען טאָן צו די געשווילעכצן אין געטאָ? צו דעם מאַנגל פון מענסטרואַציע? צו פאַרהיטן זיך פון שוואַנגערשאַפט אין געטאָ? די פראַגע פון קינדער-סטרומא אין געטאָ, וכד. עס פלעגן אָפּגעגעבן ווערן באַריכטן פון דער טעטיקייט פון קינדער-אויפזיכט און שול-מעדיצינישן צענטער, פון דער גאַנצער געזונטהייטס-אָפּטיילונג (וועלכע איז געשטאַנען לכתחילה אונטער דער אָנפירונג פון ד"ר שאַדאָווסקי, שפּעטער פון ד"ר בראָדסקי און — מצד דעם יידן-ראַט — פון דר. יורי מילקאַנאָוויצקי.)

דר. מילקאַנאָוויצקי איז געווען מיט מיר צוזאַמען אין קאָנצענט-אַציע-לאַגער דאַוטמערגען (דרום-דייטשלאַנד) און געשטאָרבן אין אַללאַך ביי דאַכאַו, צוויי טעג נאָך דער באַפרייאונג.

אַ גאַנצע ריי אַרטיקלען איז געווען געווידמעט דער טעטיקייט פון די פאַרשטאָרבענע ווילנער יידישע פאָלקס-דאָקטוירים: דר. יעקב וויגאָדסקי, דר. גרשון גערשוני און דר. צמח שאַבאַד. אַ ריי אַרטיקלען איז געווען געווידמעט דער פראַגע, ווי זאָל מען אָפּהיטן דאָס געזונט ביי פאַרשיידענע מינים אַרבעטן, ווי, למשל, ביי האַקן בוימער וכד.

אַ סך ענערגיע האָבן געווידמעט דעם „פאָלקסגעזונט" די דאָקטוירים ק. שאַפּיראָ און אַנטאָקאָלעץ. דער לעצטער איז געווען טעטיק אַלס סעקרעטאַר פון

דער רעדאַקציע און פֿלעגט פֿאַרלעזן פֿעליעטאָנען „הומאָר וועגן דאָקטוירים", „אבערגלויבן אין דער מעדיצין" א. ד. ג. דר. שאַפּיראָ, וואָס איז געשטאַנען בראש פֿון אַמבולאַטאָריע האָט אַרויסגעוויזן אַ סך איניציאַטיוו ביים רעדאַגירן און אָרגאַניזירן דעם „פֿאָלקס־געזונט".

מיט אַן אָריגינעלן און אינטערעסאַנטן סטיל און פֿאָרם פֿון די אַרטיקלען האָט זיך אויסגעצייכנט דער יונגער און זייער באַגאַבטער דר. עמנואל עפּשטיין (זון פֿון ד"ר שבתי עפּשטיין), געשטאָרבן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אין קורעמע (עסטלאַנד). פֿון אַנדערע שטענדיקע אָנטיילנעמער דערמאָן איך זיך דר. סעדליס, דר. פֿייגענבערג, דר. געלמאַן, דר. לאַזאַר עפּשטיין, דר. לידסקא, דר. לאַזאַר פֿינקעלשטיין, דר. שאַבאַד־גאַווראָנסקאַ, מאַריאַ שאַפּיראָ, דר. בוראַק, דר. קאָלאָדנער, דר. פֿייגוס, דר. מאַרק ברייטבאַרט, דר. פּייסאַכאָוויטש און אַנדערע.

צום סוף פֿון יעדן נומער פֿלעגט גיין „מעדיצינישע כראָניק", דאַן — אַן איבערזיכט איבער פֿאַרשיידענע נייעסן (אין שפּיטאָל „גיכע הילף", אַמבולאַטאָריע, „קינדער־אויפֿזיכט", שול־מעדיצינישער צענטער), ווי אויך דער טראַדיציאָנעלער "פֿראַגן־קעסטל"; ווו די רעדאַקציע פֿלעגט געבן אַ תשובה אויף פֿאַרשיידענע פֿראַגן פֿון די צוהערער.

אין די לעצטע נומערן זיינען אַ גאַנצע ריי פֿאָרטראַגן אילוסטרירט געוועזן מיט ליכט בילדער פֿון אַ ליכט־אַפּאַראַט, וואָס איז קאָנסטרואירט געוואָרן אין געטאָ.

דער לעצטער נומער „פֿאָלקסגעזונט" (נומער 18), וואָס אין אים האָב איך אָנטייל גענומען מיט אַן אַרטיקל „מעדיצין און מעדיצינער ביי יידן אין דער תקופה פֿון די מיטלאַלטערלעכע געטאָס", איז פֿאַרגעקומען אַ פּאָר טעג פֿאַר מיין דעפּאָרטאַציע קיין עסטלאַנד . . . עס איז שוין דעמאָלט געוועזן קלאָר, אַז אין די נאָענטסטע טעג וועט דער געטאָ ליקווידירט ווערן. דאָך האָט מען באַשלאָסן צו פֿירן די אַרבעט ווי געווען, ווי עס וואָלט גאָרניט פֿאָרגעשטאַנען . . . — אויף דעם דאָזיקן לעצטן „פֿאָלקסגעזונט" האָט דער דר. עמנואל עפּשטיין געליינט אַן אָפּטימיסטיש, מעדיצינישן פֿעליעטאָן, אונטערן נאָמען „שטראַלן פֿון האָפֿנונג".

אַ פּעריאָדישן ביולעטין מיט סטאַטיסטישע ציפֿערן וועגן די קראַנקייטן אין געטאָ פֿלעגט אַרויסגעבן, אויפֿן סמך פֿון די חודשלעכע באַריכטן פֿון די באַזונדערע מעדיצינישע אַנשטאַלטן, דאָס סטאַטיסטישע ביוראָ ביי דער יידישער געטאָ־פֿאַרוואַלטונג.

XX.

# ליקווידאציע פון ווילנער געטא.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן די ארויספירונגען פון ווילנער יידן קיין עסטלאַנד און גלייכצייטיק א שטארקע פארטיזאַנען־באַוועגונג, וואָס אין איר האָט צווישן אַנדערע אָנטייל גענומען אויך אַ גרויסע צאָל פון דער שול־יוגנט.

דעם 27־טן סעפּטעמבער 1943 איז דער ווילנער געטאָ ליקווידירט געוואָרן (אויסערן בלאָק קיילים). די יידן זיינען אַרויסגעפירט געוואָרן קיין עסטלאַנד, לעטלאַנד, אוישוויץ. אַ טייל איז געלונגען אַוועקצוגיין אין די וועלדער צו די פּאַרטיזאַנען.

אומבאַקאַנט איז מיר דער גורל (נאָר עס איז זיך ניט שווער פאַרצושטעלן) פון די קליינע קינדער פון שפּיטאָל און געטאָ־אינטערנאַטן, וועלכע זיינען אַרויסגעפירט געוואָרן צוזאַמען מיט די אַלטע, אין טאָג פון דער ליקווידאַציע פון ווילנער געטאָ.

אַ גרויסן טייל פון דער שול־יוגנט האָב איך געטראָפן אין די לאַגערן פון עסטלאַנד (וואַיוואַרא, קורעמע, גאָלדפילד, וויוויקאָני, לאַגעדין). זיי האָבן אָפט געאַרבעט אין באַזונדערע קינדער־בריגאַדעס אין די וועלדער ביי די לאַגערן, און אָפט, צוזאַמען מיט די „גרויסע" — ביים גראָבן גריבער, טריקענען זומפּן און שלעפּן משאות.

עס איז כדאַי צו באַמערקן, אַז ביי די טראַגישסטע לאַגער־באַדינגונגען פלעגן די קינדער ניט פאַלן אין מוט, גיין און צוריקקומען פון דער אַרבעט מיט קינדער־לידער און געזאַנגען. . .

אַ גרויסע גרופּע ווילנער קינדער איז פון לאַגער שטוטהאָף (ביי דאַנציג) אַרויסגעפירט געוואָרן אין אָקטאָבער 1944 אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. . . די איבעריקע האָבן ווייטער מיטגעמאַכט דעם גורל פון אַלע אַנדערע יידן אין די לאַגערן: אַרבעט, הונגער, קעלט, שמוץ, לייז, קלעפּ, דיזענטעריע, פלעק־טיפוס און אַלגעמיינע קערפּער־שוואַכקייט. . .

פון די איבער הונדערט און דרייסיק דאָקטוירים פון ווילנער געטאָ זיינען געבליבן ביים לעבן נאָר יחידים.

די געטאָ־באַפעלקערונג בכלל איז אומגעקומען פון הונגער, קראַנקייטן און נאַציסטישן מאָרד אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן און פאַרניכטונגס־פעלדער פון

עסטלאַנד און דייטשלאַנד. גרויסע טיילן פון דער פּאַרטיזאַנישער יוגנט איז אומגעקומען אין די וועלדער אינעם קאַמף מיטן שונא.

פון די זיבעציק טויזנט יידן פון ווילנער קהלה איז געבליבן אַ קליינע שארית פון געציילטע הונדערטער שרידים.

דער סאַניטאַרער ווידערשטאַנד. אַ קליין רינגל אין איבערמענטשלעכן גע־ראַנגל פונעם געטאָ פאַר זיין לעבן און כבוד, האָט געהאָלפן דו־כצולעבן אין ריינקייט די טעג פון געטאָ און אויסצומיידן טויט פון עפּידעמיעס ; דער ווידערשטאַנד אָבער פון געטאָ האָט אים ניט געקאָנט פאַרהיטן פון אומקום דורך דער נאַצישער פאַרניכטונג.

די גוואַלטיקע איבערמאַכט פון נאַצישן טעראָר און מאָרד ביי דער מיטהילף פון געוויסע עלעמענטן פון די שכנים און ביי דער גלייכגילטיקייט און שטיל־שווייגן פון גרויסע טיילן פון דער אַרומיקער באַפעלקערונג, ד. ה. : די אָביעקטיווע באַדינגונגען פון אונזער לעצטער תקופה, האָבן באַזיגט דעם סוביעקטיוון, אַזוי העראָאישן קאַמף און ווידערשטאַנד פונעם יידנטום אין די געטאָס.

אַזוי איז אומגעקומען געטאָ־ווילנע.

אַזוי איז געווען אין אַלע קהלות ישראל פון פּוילן און ליטע.

# נאכוואָרט

אין מיין באַריכט האָב איך זיך באַמיט איבערצוגעבן אַ בילד פון יידישן געזונטהייטס־וועזן אין ווילנער געטאָ, איינעם פון די ליכטיקע קאַפּיטלען אין טראַגישן בוך — „ג ע ט אָ ־ ו ו י ל נ ע". — ווי אַזוי די ווילנער יידישע דאָקטוירים האָבן אָרגאַניזירט מעדיציניש־סאַניטאַרע הילף, געקעמפט קעגן אָנשטעקנדיקע קראַנקייטן, געפירט וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן, ביי די טרויעריקסטע באַדינגונגען, ווי אַזוי מען האָט געזאָרגט פאַר קראַנקע, קינדער און יוגנט, דערוואַרטנדיק יעדן טאָג דעם טויט, הן פאַר זיך והן פאַר זיי . . .

איך שרייב אָט די שורות אין פּאַריז, נאָך מיין באַפרייט ווערן פון קאָנצענטראַציע־לאַגער. איך באַזיץ נישט אונטער דער האַנט, צום מאָמענט, קיין שום סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן אָדער וועלכע ניט איז שריפטלעכע דאָקומענטן. עס איז זייער מעגלעך, אַז אַ גאַנצע ריי פאַקטן, וויכטיקע פּרטים און נעמען דערמאָן איך זיך ניט אין געגעבענעם מאָמענט. די, ליידער, ווייניק איבערגעבליבענע ביים לעבן יידישע דאָקטוירים און געזונטהייטס־טוער פון ווילנער געטאָ וועלן זיכער נאָך קאָנען צוגעבן אַ גאַנצע ריי מאַטעריאַלן צו דעם קאַפּיטל „געזונטהייטס־וועזן אין געטאָ־ווילנע".

פּ אַ ר י ז, אָקטאָבער 1945 — יאַנואַר 1946.

# רשימה

פון ווילנער דאָקטוירים אין געטאָ-פעריאָד.

---

ביזן געטאָ זיינען אין ווילנע געווען טעטיק איבער 130 יידישע דאָקטוירים.

די פאָרליגנדיקע רשימה שטעל איך צונויף בלויז לויטן זכרון. צו די נעמען, וואָס וועגן זיי האָב איך נישט קיין גענויע ידיעות, שטעל איך צו די באַמערקונג „אומבאַקאַנט“.

פאַר קרובים און פריינט, וואָס זוכן זייערע שפורן, וועט אַפשר די רשימה ברענגען דעם לעצטן גרוס פון די אומגעקומענע.

---

אַבראַמאָוויטש אַלעקסאַנדער, גינעקאָלאָג, — אומגעקומען עסטלאַנד 1944
אַבראַמאָוויטש אברהם, גינעקאָלאָג — אומבאַקאַנט זייט 1944
איוואַנטער סעניאָר, רענטגענאָלאָג, — אומגעקומען עסטלאַנד 1943, לאַגער קורעמע
איוואַנטער יוניאָר, רענטגענאָלאָג, — קלאַנגען, אַז ער לעבט
אַנטאָקאָליעץ יצחק, אַלגעמיינע, — פאַרשוואונדן אין עסטלאַנד 1944
אימעניטאָווא, אַלגעמיינע, — אַרויסגעפירט פון ווילנע סעפּטעמבער 1943
בוזשאַנסקי לאַזאַר, אינערלעכע, — לעבט
בוך רפאל, גינעקאָלאָג, — אומגעקומען עסטלאַנד 1944
בערלין האַררי, סטאָמאַטאָלאָג, — לעבט
ברייטבאַרד מאַרק, קינדער, — אומגעקומען דאַכאַו-טירינגען 1945
ברייטבאַרד שמחה, סטאָמאַטאָלאָג, — אומגעקומען דאַכאַו-טירינגען 1945
באַראַנאָווסקאַ קאַטיאַ, אַלגעמיינע, — אומגעקומען ווילנע 1941
באַראַנאָווסקי קאַזימיערז, אַלגעמיינע, — אומבאַקאַנט זייט 1941
בלומאָוויטש אַדאָלף, דערמאַטאָלאָג, — אומבאַקאַנט זייט 1941
בוראַק מאַקס, אינערלעכע, — אומגעקומען ווילנע 1944
בוראַק לעאָ, אינערלעכע, — לעבט
בראָדסקי, אינערלעכע, — אַרויסגעפירט פון ווילנע סעפּטעמבער 1943
בראַנט, אינערלעכע, — אומגעקומען ווילנע 1941
בערגער רימיזי, קינדער, — אומגעקומען ביאַליסטאָק, 1944
בלאָך, גינעקאָלאָג, — אַוועק פון ווילנער געטאָ
בערנשטיין, אַלגעמיינע, — אומבאַקאַנט זייט 1943
גאָלדע, קינדער, לעבט
גרשוני גרשון, דערמאַטאָלאָגיע, — באַגאַנגען זעלבסטמאָרד ווילנע, 1941
גילעלס ווערא, כירורג, — אַוועק פון ווילנער געטאָ 1942
גאָרדאָן משה, אינערלעכע, — אומבאַקאַנט זייט 1943
גאָרדאָן נעמי, אָקוליסט, — אומבאַקאַנט זייט 1943
גירשאָוויטש משה, אינערלעכע, — געשטאָרבן אין קאָנצענטראַציע לאַגער קלאָאָגע, 1944
געלמאַן גדליה, אַנאַליזן, — אומגעקומען דאַכאַו-טירינגען 1944
גיטעלזאָן שמעון, אַלגעמיינע, — לעבט

גיטעל שלמה, אַלגעמיינע, — אומגעקומען דאַאוטמערגען 1944
גראַדזיענסקי דוד, אטאלאַרינגאָלאָג, — אומגעקומען דאַאוטמערגען 1944
גענזעל יוליוס, נערוון, — לעבט
גאָלדבורט, קינדער, — אַוועק אין ביאַליסטאָקער געטאָ 1941, גורל אומבאַקאַנט
גאָלדמאַן, אינערלעכע, — לעבט
גליקסבערג, אינערלעכע, — לעבט
גערשקאָרן, קינדער, — אומבאַקאַנט זייט 1943
גערשאָנאָוויטש, אַלגעמיינע, — אומבאַקאַנט זייט 1944
גודזעניאַצקי, אלגעמיינע, — לעבט
גאָרדאָנאָוויטש, אַלגעמיינע, — לעבט
גאָרפינקעל, אַלגעמיינע, — לעבט
דלוגי הירש, גינעקאָלאָג, — לעבט
הויזמאַן, קינדער, — אומבאַקאַנט זייט 1943
וויגאָדסקי יעקב, גינעקאָלאָג, — אומגעקומען ווילנע 1941
וואָלפזאָן סעניאָר, דערמאטאָלאָג, — אומגעקומען עסטלאַנד 1944
וואָלפזאָן יוניאָר, דערמאטאָלאָג, — אומבאַקאַנט זייט 1943
וואָלקאָוויסקי לעאָ, אטאלאַרינגאָלאָג, — אומגעקומען עסטלאַנד 1944
ווירשובסקי אברהם, פסיכיאַטאָר, — אומגעקומען ווילנע 1943
וויינריב אברהם, אינערלעכע, — לעבט
וויינשטיין וועלוול, אינערלעכע, — לעבט
וואַפזער, אינערלעכע, — אומגעקומען ווילנע 1941
זאַלקינדזאָן אוסיי, כירורג, — אומגעקומען עסטלאַנד 1944
זאַלקינדזאָן (פרוי), אַקוליסטיק, — אומגעקומען קלאאגא 1944
זאַלקינדזאָן באַבאַ, אַלגעמיינע, — אומגעקומען קלאאגא 1944
זעלדאָוויטש זאַפיא, דערמאטאָלאָג, — אומגעקומען עסטלאַנד 1944 לאַגער קלאאגא
זיידלער, אַלגעמיינע, — אומבאַקאַנט זייט 1943
חאַלעם עמנואל, אוראָלאָג, — אומגעקומען עסטלאַנד, 1944 לאַגער קלאאגא
חאַלעם (פרוי) דערמאטאָלאָג, — אומבאַקאַנט זייט 1943
טאַראַסייסקי, אַלגעמיינע, לעבט
טראַצקי פאַלק, כירורג, — אומגעקומען עסטלאַנד 1944
טראַצקי, אַלגעמיינע, — אומבאַקאַנט זייט 1943
טויבענהויז, גינעקאָלאָג, — אומבאַקאַנט זייט 1943
טויבענהויז (פרוי), פעדיאַטריע, — אומבאַקאַנט זייט 1943
יאשפאַן, אינערלעכע, — אומבאַקאַנט זייט 1944
יאבראוו פעדיאַטריע, — געשטאָרבן 1945
יוסטמאַן, אינערלעכע, — פאַרשוואונדן פון ווילנער געטאָ 1941
כאַרמאַץ מיכל, אינערלעכע, — אומבאַקאַנט זייט 1941
כאַנאָוויטש שמעון, אינערלעכע, — אומגעקומען עסטלאַנד 1944
כין אליהו, אַלגעמיינע, — קלאַנגען אומגעקומען עסטלאַנד 1944
כין זכריהו, פעדאַטריע, — קלאַנגען אומגעקומען עסטלאַנד 1944
כורג, אינערלעכע, — קלאַנגען אַרויסגעפירט מיט קראַנקע פון עסטלאַנד 1944
לערמאַן אפרים, כירורג, — אומגעקומען לאַגער גאָלדפילין, עסטלאַנד, 1944.
לידסקא פעסיא, פעדיאַטריע, — לעבט
לידסקי אברהם, כירורג, — אומבאַקאַנט זייט 1944
לעווין רפאל, אוראָלאָג, — אומגעקומען עסטלאַנד, 1944 לאַגער קלאאגא
לעוואנדא, אטאלאַרינגאָלאָג, — אומגעקומען ווילנע 1941
ליבא, אטאלאַרינגאָלאָג, — לעבט

מאַרגאָליס, רענטגענאָלאָג, — אומגעקומען זייט 1943

מעלמד, פעדיאטריע, — אוועק אין ביאַליסטאָקער געטאָ

נאָמיאָט ליפּע, אַלגעמיינע, — אומגעקומען זייט 1941

ספּאַקאָינע קלמן, אינערלעכע, — אומגעקומען 1941 אין פּאַלאַנגע

סלוצקא גינאַ, אינערלעכע, — אומגעקומען זייט 1941

סעדליק, גינעקאָלאָג, — לעבט

סלאָבאָדסקי, אָקוליסט, — אומגעקומען זייט 1942

סוראַוויטש, אינערלעכע, — אומגעקומען

עפּשטיין לאַזאַר, אינערלעכע, — אומגעקומען זייט 1943

עפּשטיין עמנואל, אינערלעכע, — אומגעקומען קאָנצענטראַציע לאַגער קורעמע, 1943

על\u05bfטערמאַן, אינערלעכע, — אומגעקומען עסטלאַנד 1944

פינקעלשטיין לאַזאַר, פעדיאַטריע, — אומגעקומען זייט 1944

פּאַטשטער וולאַדימיר, אינערלעכע, — אומגעקומען קלאָאָגאַ, 1944 עסטלאַנד

פייגענבערג משה, אוראָלאָג, — לעבט

פינגערהוט לעאָן, גינעקאָלאָג, — באַגאַנגען זעלבסטמאָרד 1944 קאָנצ. לאַגער ערעדאַ

פערעוואָזקי אַלעקסיי, אינערלעכע, — אומגעקומען קאָנצ. לאַגער, דאַוטמערגען, 1945

פערעוואָזקי ראובן, אינערלעכע, — אומגעקומען זייט 1941

פייגוס הלל, אינערלעכע, — אומגעקומען ווילנע 1944

פערגאַמענט-אלק ראָניאַ, פעדיאַטריע, — אומגעקומען זייט 1943

פערגאַמענט, אינערלעכע, — געשטאָרבן, געטאָ ווילנע 1941

פייסאַכאָוויטש, כירורג, — לעבט

פייגעלסאָן פּעסיע, פעדיאַטריע, — אומגעקומען זייט 1943

פערעוואָזקאַ, פעדיאַטריע, — אומגעקומען זייט 1943

פריד חיים הלל, אַלגעמיינע, לעבט

צוקערמאַן משה, אינערלעכע, — אומגעקומען עסטלאַנד. 1944

קאַפּלאַן אַלעקסאַנדער, אינערלעכע, — אַרויסגעפירט מיט אַ טראַנספּאָרט קראַנקע פון עסטלאַנד, 1943

קאָלאָדנער בער, אינערלעכע, — לעבט

קושעלעוויטש יודל, אינערלעכע, — אומגעקומען ווילנע 1941

קאַניובסקי אליהו, כירורג, — לעבט

קאַצענעלענבאָגען סאָניאַ, אינערלעכע, — אומגעקומען ווילנע 1941

קשעמיאַנסקיע אַבעל, אינערלעכע, — אומגעקומען לאַגער דאַוטמערגען 1945

קאַנטאָראָוויטש, אינערלעכע, — אומגעקומען זייט 1943

קאַשטשענעווסקי, אינערלעכע, — אומגעקומען זייט 1943

קאַלמאַנאָוויטש, אינערלעכע, — לעבט

קאַפּעלאָוויטש, אינערלעכע, — אומגעקומען זייט 1943

קאַבאַטשניק, אָטאָלאַרינגאָלאָג, — אומגעקומען 1942 ווילנע

קאַרנאָווסקי, פעדיאַטריע, — אומגעקומען זייט 1943

רעזניק נפתלי, פעדיאַטריע, — לעבט

רעזניק-לעווינסאָן נאַדיע, אַלגעמיינע, — לעבט

ראַשקעס לעאָ, אָטאָלאַרינגאָלאָג, — אומגעקומען 1944

רעבעס, אָקוליסטיק, — אומגעקומען

רעשאַנסקי, אַלגעמיינע, — אומגעקומען זייט 1941

ריווקינד לעאָן, אָטאָלאַרינגאָלאָג, — אומגעקומען עסטלאַנד 1943

ראַן גריגאָרי, אינערלעכע, — אומגעקומען עסטלאַנד 1943

דעמיגאַלסקי, אינערלעכע, — אומגעקומען

ראַפּאָלט הענריק, אינערלעכע, — אומגעקומען ווילנע 1941

ראָזענבליט אַלפרעד, אינערלעכע, — אומבאקאַנט וויט 1943
ראם סעניאָר, אַנאַליזן, — אומבאַקאַנט וויט 1943
ראם מישע, אַנאַליזן — אומבאַקאַנט וויט 1943
שאַבאַד גאַווראָנסקא, פעדיאַטריע — אומגעקומען ווילנע 1943
שאַדאָווסקי רפאל, אינערלעכע, — לעבט
שאַדאָווסקא, פעדיאַטריע, — אומבאַקאַנט וויט 1943
שטיינמאַן אברהם, אינערלעכע, — אומבאַקאַנט וויט 1943
שאַליט עמיליא, אינערלעכע — לעבט
שאַפּירא קלמן, אינערלעכע — אומגעקומען עסטלאַנד 1944 לאַגער קלאָאגא
שיינקער, אָקוליסטיק — אומבאַקאַנט וויט 1943
שימעלישקי, אינערלעכע, — אומבאַקאַנט וויט 1943
שמושקאָוויטש, אינערלעכע, — אומבאַקאַנט
שטיינדויער, דערמאַטאָלאָגיע, — לעבט
שערמאַן, אינערלעכע, — לעבט